Der Veker

ערשטער מאַי־נומער 1980

דער DER WECKER

# וועקער

צווייִ חדשים־שריפֿט פֿון יידישן סאָציאַליסטישן פֿאַרבאַנד

Vol. LIX, No. 1202, May-June 1980

נומ׳ 1202, מאַי־יוני 1980

## אינהאַלט



שמואל ווייס

# היסטאָרישע דאַטעס אין דער אַמעריקאַנער אַרבעטער־באַוועגונג

צוויי דאַטעס דאַרפֿן פֿאַרצייכנט ווערן אין דעם היינטיקן ערשטן־מאַי נומער „וועקער". ערשטנס, מחמת זייער וויכטיקייט אין די בראשית־יאָרן פֿון דער אַמעריקאַנער אַרבעטער־באַוועגונג און איר שפּעטערדיקער אַנטוויקלונג. צווייטנס, צוליב דעם נאָענטן שייכות צווישן דער פּיאָנערן־תּקופֿה פֿון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג מיט דער אַלגעמיינער אָרגאַניזאַציע פֿון דער אַמעריקאַנער אַרבעטערשאַפֿט.

עס ווערט איצט הונדערט יאָר זינט ס'איז געגרינדעט געוואָרן די „אַמעריקען פֿעדערעישן אָוו לעיבאָר" (אַ.פֿ.ל.). די פֿייערלעכע דאַטע וועט אָפּגעצייכנט ווערן ביי איר צוזאַמענפֿאָר דעם 15־טן נאָוועמבער קומענדיקן יאָר. אויף צוצוגרייטן די פֿייערונג האָט דער עקזעקוטיוו־קאַונסיל פֿון דער פֿעדעראַציע, ביי זיין סעסיע לעצטן חודש, באַשטימט אַ ספּעציעלן קאָמיטעט פֿון פֿינף אַרבעטער־פֿירער, פֿון וועלכן דער פּרעזידענט פֿון דער „אינטערנעשאָנעל לעדיס גאַרמענט וואָרקערס יוניאָן", סאָל ס. טשעיקין, איז איינער פֿון די מיטגלידער. פֿאַר יידישע אַרבעטער און פֿאָלקסמענטשן האָט די דאָזיקע באַשטימונג אַ באַזונדערן באַטייט מחמת עס ווערט דערמיט אונטערגעשטראָכן די היסטאָרישע ראָלע וואָס די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג האָט געשפּילט אין דער אַנטוויקלונג פֿון דער אַמעריקאַנער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע.

די אינטערנעשאָנעל, ווי דער עלטסטער מיטגליד פֿון דער אַ.פֿ.ל־סי.איי.אָ., וועט היינטיקס יאָר פֿייערן איר אַכציקן יאָריקן יובילייִ, מיסתּמא ביי איר קאָנווענשאָן סוף סעפּטעמבער, אין ניו־יאָרק.

ביידע אָרגאַניזאַציעס — די אַ. פֿ. ל. און די אינטערנעשאָנעל — זיינען דורכגעגאַנגען אַ לאַנגן און שטורמישן מהלך, אויף וועלכן זיי האָבן זיך געמוזט אָנלענען איינער אויפֿן אַנדערן, הגם זייערע פּראָגראַמען, ספּעציעל אין די אָנהייב־יאָרן פֿון זייער עקסיסטענץ, זיינען געווען ווייט איינער פֿון אַנדערן. אָבער דאָס איז געווען אַ ווייטקייט ניט פֿון צילן נאָר פֿון טאַקטיק, ניט פֿון דעם „וואוהין מיר גייען נאָר ווי אַזוי קומען מיר צו דעם ציל".

די „אַמעריקען פֿעדערעישאָן אָוו לעיבאָר" איז אַרויסגעוואַקסן פֿון דער פֿריערדיקער „נייטס אָוו לעיבאָר", די „ריטער פֿון אַרבעט", וואָס האָט געהאַט אַן אומדירעקטע השפּעה אויף דער נייער פֿעדעראַציע. געמאָסטן מיט דער מאָס פֿון היינטצייטיקע עקאָנאָמישע און סאָציאַלע אידייען האָט די „נייטס אָוו לעיבאָר" געהאַט כמו־סאָציאַליסטישע איינשטעלונגען. זי איז אַרויסגעטראָטן פֿאַר אַרויסנעמען די אייזנבאַנען, גאַז און וואַסער־באַדינונג און אַנדערע אונטערנעמונגען פֿון עפֿנטלעכן נוץ (פּאָבליק יוטיליטיס) פֿון פּריוואַטע הענט; זי האָט געשטרעבט צו שאַפֿן אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל אַרומנעמען אַלע אַרבעטער אין דער אינדוסטריע, אָן אונטערשייד פֿון פֿאַך, געשלעכט, ראַסע, רעליגיע אָדער הויט־קאָליר. זייער לאָזונג: „אַלע פֿאַר איינעם און איינער פֿאַר אַלע" איז מיט יאָרן שפּעטער איינגעשלאָסן געוואָרן אין דעם הימן פֿון אַרבעטער־רינג, וואָס דער אומפֿאַרגעסלעכער אברהם ליעסין ז״ל האָט געשאַפֿן. די אידייע פֿון איין יוניאָן פֿאַר אַלע אַרבעטער וואָס זיינען באַשעפֿטיקט ביי דעם זעלביקן אונטערנעמער איז ערשט רעאַליזירט געוואָרן מיט דער גרינדונג פֿון דעם „קאָנגרעס פֿון אינדוסטריעלע אָרגאַניזאַציעס" (ס. איי. אָ.)

אין 1935.

אָבער משמעות די אידייע פון אינדוסטריעלן יוניאָניזם איז נאָך נישט געווען צייטיק אין דעם אַמעריקע פון 1869, וועלכע איז באַשטאַנען ס׳רוב פון קליינע האַנטווערקער־אונטערנעמונגען וואו דער באַלעבאָס אַליין איז געווען אַן אַרבעטער. כאָטש די גרינדער פון דער „נייטס אָוו לעיבאָר" האָבן שוין געקאָנט מערקן דעם אָנהייב פון דער מעכאַניזירונג אין אינדוסטריעס און די וואַקסנדיקע קאָנצענטראַציע פון קאַפּיטאַל אין איינצלנע הענט, האָבן זיי אָבער געגלויבט אַז די קאָנסאָלידאַציע פון דער אַרבעטער־באַוועגונג און דער כוח פון אַרבעטער־סאָלידאַריטעט וועט גובר זיין די מאַכט פון קאָנצענטרירטן קאַפּיטאַל. דער חלום איז, ווי מיר זעען היינט, ניט געקוקט אויף דעם וואָס מיר האָבן אַן אָרגאַניזירטע אַרבעטער־מחנה פון קרוב 18 מיליאָן אַרבעטער, ניט רעאַליזירט געוואָרן.

די „נייטס אָוו לעיבאָר" איז געווען געבויט ווי אַ צענטראַליזירטע אָרגאַניזאַציע פון פאַרשיידענע אַרבעטער און באַלמעלאָכעס מיט אַ סאָציאַלער אידייע און איר שטאַרקייט איז באַשטאַנען אין דער קלאַסן־סאָלידאַריטעט און אַחדות פון איר מיטגלידערשאַפט. זי האָט אָבער ניט באַפרידיקט די באַזונדערע פאַך־אינטערעסן פון די אַרבעטער. דאָס האָט געשאַפן אַן אומצופרידנקייט וועלכע האָט צוגעגרייט דעם באָדן פאַר דער „אַמעריקען פעדערעישאַן אָוו לעיבאָר".

די פעדעראַציע איז געגרינדעט געוואָרן אין 1881, ביי אַ צוזאַמענפאָר אין קאָלומבוס, אָהייאָ. הגם ס׳זיינען נאָך עטלעכע יאָר שפּעטער אָנגעגאַנגען קאַמפן צווישן ביידע פעדעראַציעס, אין וועלכע עס זיינען אויך אַריינגעצויגן געוואָרן די יונגע אָרגאַניזאַציעס פון שניידער־אַרבעטער פון יידישע אימיגראַנטן, פון וועלכע אַ סך האָבן סימפּאַטיזירט גראָד מיט די „נייטס אָוו לעיבאָר", האָט אָבער די אַ. פּ. ל. ביסלעכווייז איינגעשלונגען די „נייטס אָוו לעיבאָר". אין דעצעמבער 1886, האָט די פעדעראַציע זיך פאַראייניקט מיט אַ רייע אַנדערע יוניאָנס און געשאַפן די צענטראַלע „אַמעריקען פעדערעישאַן אָוו לעיבאָר", אָרגאַניזירט לויט די פאַך־קאַטעגאָריעס פון די אַרבעטער, מיט אַ ברייטער אויטאָנאָמיע פאַר די באַזונדערע לאָקאַלן (שוין ניט מער ׳אַסעמבליס׳ ווי ביי דער „נייטס אָוו לעיבאָר), אָן שום סאָציאַלער אידייע, נאָר ווי „פּיור ענד סימפּל" יוניאָנס. אירע גרינדער האָבן משמעות געוואָלט אויסמיידן די צעטיילונג פון אַרבעטער וועלכע שאַפט זיך לויט זייער פּאָליטישער אָדער רעליגיעזער אָנגעהעריקייט, ווי דאָס איז געווען דער פאַל אין אַ טייל אייראָפּעאישע לענדער, פון וועלכע די מאַסע אַרבעטס־מענטשן האָט עמיגרירט.

איינער פון די דאָזיקע עמיגראַנטן איז געווען סעמועל גאָמפּערס, אַ ציגאַרן־מאַכער פון פאַך, וואָס איז אויסגעווילט געוואָרן ווי פּרעזידענט פון דער נייער פעדעראַציע. אַגב האָט אָט די אָרגאַניזאַציע פּראָקלאַמירט דעם ערשטן מאַי ווי מאָביליזאַציע־טאָג אין דעם קאַמף פאַר אַן אַכט־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג.

### דער אָנהייב פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג

אין דער־אָ תקופה איז אויך געבוירן־געוואָרן די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג. די ערשטע יוניאָן־אָרגאַניזאַציע, וועלכע איז געווען דער באַזיס פאַר דער גרינדונג פון דער אינטערנעשאָנעל לעידיס גאַרמענט וואָרקערס יוניאָן איז געווען פון קלאָוקמאַכער (מאַנטלמאַכער), וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1886.

אָבער יידישע אַרבעטער־באַוועגונג מיינט ניט בלויז יוניאָנס. עס מיינט אויך יידישע סאָציאַליסטישע באַוועגונג, יידישע פּרעסע, יידישע ליטעראַטור, פראַטערנאַלע אָרגאַניזאַציעס, לאַנדסמאַנשאַפטן, יידישער טעאַטער, קולטור־קלובן און כלערליי יידישע הילף־אינסטיטוציעס, סיי פאַר דעם וואַקסנדיקן יידישן ישוב אין אַמעריקע און סיי פאַר דער אַלטער היים.

אונדזער חשובער רעדאַקטאָר ד״ר אליהו שולמאַן, האָט שוין אין פאַריקן נומער „וועקער" געהאַט אַן אַרטיקל וועגן דעם אָנהייב פון דער יידישער מאַסן־אימיגראַציע אין אַמעריקע, וועלכע איז דאָך געווען דער הייוון פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. זיינען עס דאָך געווען די יידישע אימיגראַנטן וועלכע האָבן געגרינדעט די ערשטע יוניאָנס פון שניידערס, קאַפּנמאַכער, הויז־מאָלער, סטאָליאַרעס, שריפטזעצער, אַקטיאָרן און אַנדערע פאַכן און פּראָפעסיעס. זיי האָבן געגרינדעט די ערשטע „אידישע צייטונג" (1870), די ערשטע העברעאישע שריפט „הצופה בארץ החדשה" (1871), „די אַרבעטער צייטונג (1890), פרייע אַרבעטער־שטימע (1890), „די צוקונפט", „פאָרווערטס" (1897), וועלכע איז נאָך היינט די פאַרשפּרייטסטע יידישע טאָג־צייטונג; דער „אידישער קעמפּער" (1906), „דער וועקער" (1921) און אַ גאַנצער שלל יידישע יוניאָן־שריפטן, פון וועלכע „די גערעכטיקייט" (1919) האָט עקזיסטירט ביז 1958.

אין יאָר 1900 זיינען געגרינדעט געוואָרן די צוויי גרויסע יידישע אָרגאַניזאַציעס, די אינטערנעשאָנעל פון פרויען־באַקלייד־אַרבעטער און דער אַרבעטער־רינג. די גרינדונג פון דער אינטערנעשאָנעל (א.ל.ג.וו.י.) איז געקומען דורך דער איניציאַטיווע פון דער פריערדיקער קלאָוקמאַכער־יוניאָן. ביי דעם גרינדונג־צוזאַמענקום זיינען געווען פאַרטראָטן דעלעגאַטן פון יוניאָנס אין ניו־יאָרק, פילאַדעלפיע, באַלטימאָר און נוואַרק. אַלע יוניאָנס צוזאַמען האָבן דעמאָלט געהאַט אַרום צוויי טויזנט מיטגלידער. דעם זעלביקן יאָר, דעם 23סטן יוני, האָט די אינטערנעשאָנעל געקראָגן אַ טשאַרטער פון דער אַלגעמיינער אַרבעטער־פעדעראַציע. די אַמאַלגאַמעיטעד יוניאָן פון מענער־באַקליידונג האָט ערשט זוכה געווען צו קריגן אַזאַ טשאַרטער אין 1933, ווען זי האָט זיך שוין געהאַט באַפרייט פון דער „יונייטעד גאַרמענט וואָרקערס יוניאָן", וועלכע האָט געהאַט יוריסדיקציע איבער דער מענער באַקלייד־אינדוסטריע, הגם די אַרבעטער זיינען געווען ס׳רוב מיטגלידער אין דער אַמאַלגאַמעיטעד.

מען קען ניט זאָגן אַז דער שידוך צווישן דער אינטערנעשאָנעל און אַ. פּ. ל. איז אין אָנהייב געווען אַ געראָטענער. אידייאיש זיינען די ביידע געווען ווייט איינער פון אַנדערן ווי ס׳איז אייראָפּע פון אַמעריקע. יידישע אַרבעטער־פירער האָבן ניט געקאָנט פאַרטראָגן די גאָמפּערסיסטישע פילאָסאָפיע פון „פּיור ענד סימפּל" יוניאָניזם. פון זייערע היים־לענדער אין פּוילן, ליטע, רוסלאַנד און רומעניע האָבן יידישע אימיגראַנטן מיטגעבראַכט די איינשטעלונג, אַז יוניאָניזם און פּאָליטישע באַוועגונג זיינען שותּפים, אַז די פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג אָן אַ פּאָליטישער אידייע איז ווי אַ חומר אָן אַ נשמה, אַז בלויז מיט „ברויט און פּוטער"־פּראָבלעמען קען אַן אַרבעטער־באַוועגונג ניט געדייען, מעג זי זיין ווי רייך און שטאַרק. אַן אַרבעטער־באַוועגונג מוז האָבן ברייטערע סאָציאַלע צילן, וועלכע זאָלן אַרומנעמען ניט בלויז די אַרבעטער פונעם פאַך, נאָר די אינטערעסן פון גאַנצן אַרבעטער־כלל. יידישע אימיגראַנטן, ספּעציעל די וואָס זיינען געקומען קיין אַמעריקע נאָך 1905 און האָבן שוין געהאַט דורכגעמאַכט אַ בונדישע שול אין דער אַלטער היים, האָבן פאַרבונדן טרעיד־יוניאָניזם מיט דעם אַלגעמיינעם פּאָליטישן קאַמף פאַר אַ נייעם וועלט־סדר.

אָבער די אידייאישע סכסוכים האָבן צום גליק ניט געפירט צו אָפענע ביטערע קאַמף, זיי זיינען פאַרגעקומען בלויז אין די אָנהייב־יאָרן פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, נאָך דער גרינדונג פון דער סאָציאַליסטישער אַרבעטער פּאַרטיי, וועלכע האָט זיך אַוועקגעשטעלט ווי אַן אָפענע אָפּאָזיציע קעגן דער א. פּ. ל. מיט דער צייט איז דער דאָזיקער סכסוך פאַרשוואונדן. דאָס איז געווען אַדאַנק די מיושבדיקע קעפּ פון די יידישע אַרבעטער־פירער, הגם עס איז אַ פאַקט, אַז ביז די דרייסיקער יאָרן האָבן די פירער פון אַ. פּ. ל. נאָך אַלץ געפּרעדיקט די אידייע פון „נאָ־פּאָליטיקס", פון ניט באַטייליקן זיך אין פּאָליטישע פּאַרטיי־קאַמפן, בעת יידישע אַרבעטער האָבן ס׳רוב געשטיצט סאָציאַ־

DER WECKER

Published Bi-monthly — January-February, March-April, May-June, July-August, September-October, November-December, by the Jewish Socialist Verband.

Office of publisher — 45 East 33rd St., New York, N. Y. 10016. Tel. 686 - 1536.

Subscription rate $7.00 a year. Single copy — 85 c. Reentered as second class matter April 13, 1978, under the act of August 12, 1970.

96



ליסטישע קאַנדידאַטן פאַר פּאָליטישע אַמטן. די אָנפירונג פון דער אַ. פּ. ל. איז אָפן אַרויסגעטראָטן קעגן סאָציאַלע רעפאָרמען, אַפילו קעגן אַזעלכע רעפאָרמען ווי די איינפירונג פון אַרבעטסלאָזן־פאַרזיכערונג בענעפיטס.

היינט האָבן מיר אַ רעכט צו זאָגן, אַז די אינטערנעשאָנעל יוניאָן האָט היסטאָריש געוואונען איר איינשטעלונג פאַרן סאָציאַלן יוניאָניזם. צוויי היסטאָרישע פּאַסירונגען האָבן געהאָלפן גובר זיין די „פּיור ענד סימפּל" פילאָסאָפיע: די גרינדונג פון דעם „קאָנגרעס פאַר אינדוסטריעלן יוניאָניזם (סי. איי. אָ.) מיט וועלכן די אַ. פּ. ל. האָט זיך פאַראייניקט ערשט אין 1955 און דער „ניו דיל". היינט קעמפט מען שוין ניט מער קעגן מלוכה־געזעצן אויף צו פאַרבעסערן דעם עקאָנאָמישן מצב פון אַרבעטער. פאַרקערט: היינט אַרבעט די אַ. פּ. ל., אַפילו אירע קאָנסערוואַטיווע פירער, פאַר וואָס מער אַזעלכע געזעצן. היינט איז אינגאַנצן פאַרוואָרפן געוואָרן די לאָזונג פון „נאָ־פּאָליטיקס". היינט איז די אַרבעטער־באַוועגונג אַריין אין פּאָליטיק „מיט ביידע פיס" און איבערן קאָפּ. דער גרעסטער טייל פון די פינאַנץ־רעסורסן און מענטשן־מאַטעריאַל פון דער פעדעראַציע שטייט היינט אין דינסט פון פּאָליטישער טעטיקייט, און דאָס ניט בלויז אין וואַל־קאַמפּאַניעס, נאָר אַ גאַנץ יאָר.

לאָמיר צום סוף דערמאָנען, אַז די אינטערנעשאָנעל האָט געהאָלפן דורכפירן דעם ערשטן מינימום־שכירות געזעץ אין 1938, אַז זי האָט מיט אייגענע כוחות אויסגעראָטן דעם שוויץ־שאָפּ סיסטעם אין דער באַקלייד־אינדוסטריע, אַז זי האָט געשאַפן אַ פּרעכטיקן בילדונג־סיסטעם וועלכער איז שפּעטער געוואָרן אַ מוסטער אַפילו פאַר דער אַרבעטער־פעדעראַציע. די אינטערנעשאָנעל האָט אויסגעבויט אַ נעץ פון געזונט־שוץ צענטערס פאַר אירע מיטגלידער, וועלכע האָבן אַפילו היינט, מיט דער איינפירונג פון מעדיקעיר, נאָך ניט פאַרלוירן זייער גרויסן ווערט. אַגב, אין דעם היינטיקן דוחק אין פּאַסנדיקע וואוינונגען מיט צוגענגלעכן דירה־געלט איז כדאַי צו געדענקען, אַז די אינטערנעשאָנעל האָט געשטעלט גרויסע פינאַנץ־רעזערוון אינעם דינסט פון דעם קאָאָפּעראַטיוון הייזער־בוי, וואָס איז, ביים היינטיקן יקרות אויף רענט, אַ ברכה פאַר אַ סך אַרבעטס־מענטשן. די יוניאָן האָט געשאַפן איר אייגענע פּרעסע, וועלכע איז אָפט אַרויסגעהויבן געוואָרן פון דער אַלגעמיינער אַרבעטער־באַוועגונג אַלס מוסטערהאַפטע אָרגאַנען, ניט בלויז פאַר אירע מיטגלידער, נאָר פאַר דער אַלגעמיינער קאָמיוניטי. די דאָזיקע צייטונגען, אין ענגליש, איטאַליעניש און שפּאַניש. ליידער ניט מער אין יידיש, זיינען נוצלעכע אינסטרומענטן אין אַלגעמיינע פּאָליטישע קאַמפּאַניעס.

אויך דאַרפן מיר דערמאָנען, אַז די אינטערנעשאָנעל איז געגרינדעט געוואָרן פון סאָציאַליסטן וועלכע האָבן אַרויפגעלייגט זייער אידייאישן חותם אויף דער אָרגאַניזאַציע און איינגעוועבט זייער השפּעה אין אַלע אינסטיטוציעס, וועלכע די יוניאָן האָט אויסגעבויט. און אחרון אחרון חביב: די אינטערנעשאָנעל איז היינט דער לייכט־טורעם אין די שטורמישע וואַסערן פון דעם יידישן לעבן אין ישראל און אין די תפוצות, ווי אויך פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג.

---

**חיים פּלאָטקין**

## אַהיימגענומען

כ׳האָב היינט אַ סך חן געפונען
אין די קנייטשן, אין די קאַרבן
פון אַ צעלויכטן פנים,
ביי דער מאַמען, דער געטרייער
צו אירע צענדליקער קינדער,
ווען די טויבן האָבן קערנער געשלונגען
און זי אַרומגערינגלט
ווי אַ ראָד.
אין פאַרקל כ׳האָב זיך געזעטיקט
וואָס די טויבן שטילן דעם הונגער
און אַהיימגענומען
דעם צויבער און באַוואונדער
פונעם גינגאָלד־האַרץ
אין דער פאַרשטיינטער שטאָט — — —

**מאיר שטיקער**

## די פּאַווע ביים קלאַוויר

קום, שמייכל, לייג זיך אויף דער לענג און ברייט,
שפּאַלט מיינע אויגן אין זוניקע שניטן,
די סאָווע שרייט, דאָס וואַסער שרייט, דער הילך פאַרגייט,
די גרויסע פּאַווע האָט אירע טויזנטפאַרביקע עקן אויסגעשפּרייט,
די לבנה האָט דעם מילכוועג אויסגעמיטן.

אין געשליפענעם גלאָז די טויזנטפאַרביקע פּאַווע־עקן
שימערן שאָטנס און ליכט אַרום ביימער, אַרום זיך,
שלענגלען, וואַרפן זיך און שטרעקן די פּאַווע־עקן
שפּרייטן און פאַרדעקן די טריט וואָס שווינדלען גיך.

די לבנה איז ווייך, זייד־איבערגעריסן.
איך בין איינגעקאָרטשעט, מיינע פינגער
אויסגענאַגט, די נעגל צעביסן.
די קלאַווישן קוקן פינצטער, גרינגער,
ליכטיקער ווערט פלוצים מיין געוויסן.

אויף וועלכן וואַלדוועג האָב איך זי דעמאָלט געפירט?
וויפל שטערן זיינען פון הימל אַראָפּגעשפּרונגען
אויף איר קאָפּ? די לבנה האָט מיינע ליפּן אָנגערירט.
די סאָווע שרייט, דאָס וואַסער פרירט
און די טויזנטפאַרביקע פּאַווע־עקן קלינגען.

אויף וועלכן וואַלדוועג זיינען מיר געגאַנגען?
די שלייפן האַקן הייס, די האָר קריכן אויס,
דער שאָטן אויף דער וואַנט הענגט שווער און גרויס.
די קלאַווישן שליידערן טויבע קלאַנגען.

שפּרייט, גרויסע פּאַווע, דיינע טויזנט־פאַרביקע עקן —
דער שטויב פון טויבע קלאַנגען וועט מיך איבערדעקן,
איך האָב געזען דעם גרויסן קאַרטשהאָר אויף דיין קאָפּ,
איך האָב געזען די סאָווע, איך האָב געזען דעם אַנטלאָף,
איך האָב געזען די שטערן נידערן אַראָפּ, אַראָפּ,
און די רוישנדיקע וואַסערן האָב איך געהערט
און די זינגענדיקע ערד.
ווער איז דעמאָלט מיט אונדז מיטגעגאַנגען
און אויסגעווישט די אויגן וואָס האָבן געטרערט?
די קלאַווישן שליידערן ברודיקע קלאַנגען.

שפּרייט, שפּרייט, גרויסע פּאַווע, דיינע טויזנטפאַרביקע עקן —
דער שטויב פון טויבע קלאַנגען וועט אונדז איבערדעקן.

---

**פּ. מאָזעס**

## דער איינזאַמער דור

דער דור פון וויזיעס,
דער דור פון חלומות
האָט זיינע שטרעבונגען
מיט נביאישן פּאַטאָס
זיין געזאַנג אויסגעזונגען.

שטילער, שטילער
האָט דער דרך געפירט
מיט אַ פאַרכישופטן גלויבן
צו אומבאַקאַנטע וועגן.

מאָמענטן פון באַצויבערונג
האָט דער גורל פאַרחתמעט
פאַלשע געטער צו דינען
דעם יידישן קב־הישר צו פאַרגעסן.

די נאַכט פון חושכדיקייט
האָט דער דור
פון חלום חלמתי
סיי כלו־זכאי
סיי כלו־חייב
דעם חטאתי אויסגעוויינט.
אין דער איינזאַמקייט
מיט טרוקענע טרערן
דעם לעצטן הללויה געזונגען.

# בקיצור...

### פון משה כרפס

## דער ערשטער מאַי 1980. — שטימונגען און באַטראַכטונגען

דער ערשטער מאַי איז שטענדיק געווען דער פרייהייטס־טאָג פון דער דעמאָקראַטישער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־באַוועגונג. אַמאָל, אַמאָל איז דער ערשטער מאַי געווען אַ טאָג פון ברודערשאַפט „אין די גאַסן מיט די מאַסן", אָבער דער קאָמוניזם מיטן סאָוועטישן אימפּעריאַליזם האָבן דעם יום־טוב פאַרוואַנדלט אין אַ טאָג פון טרויער, ווייל דער סאָוועטישער רעזשים אונטערדריקט מענטשלעכע פרייהייט און דעם הומאַניטערן דעמאָקראַטישן סאָציאַליזם.

## אינפלאַציע און אַרבעטסלאָזיקייט

מאַי 1980 געפינט זיך אַמעריקע אין אַ טיפן עקאָנאָמישן קריזיס. די אינפלאַציע און אַרבעטסלאָזיקייט נעמען ממש אַוועק די אויסגעקעמפטע עקאָנאָמישע דערגרייכונגען פון די אַרבעטער און פאָלקס־מענטשן, ספּעציעל פון מיליאָנען עלטערע מענטשן, וואָס לעבן בלויז אויף „סאָשעל־סעקיוריטי".

## אַפגאַניסטאַן און איראַן

די אינטערנאַציאָנאַלע לאַגע איז זייער אָנגעשטרענגטע, צוליב רוסלאַנדס מיליטערישער פאַרכאַפּונג פון אַפגאַניסטאַן, כדי דורכצופירן זייער גלאָבאַלע פּאָליטישע אימפּעריאַליסטישע סטראַטעגיע פון באַהערשן און דאָמינירן דעם פּערסישן גאָלף.

די געשעענישן אין איראַן, די איסלאַמישע רעוואָלוציע מיט דעם פאַנאַטיזם פון אַיאַטאָלאַ כאָמייני, און אַ לעגאַלער רעגירונג וואו די טעראָריסטן האַלטן פאַרשפּאַרט 53 אַמעריקאַנער משכנות, דאָס אַלץ האָט דערפירט צו אַ קאָנפראָנטאַציע מיט אַמעריקע. דאָס האָט געבראַכט צו דעם אומגליקלעכן פרואוו צו באַפרייען די משכנות. דער דורכפאַל פון דעם פרואוו וועט געוויס האָבן אַן אָפּקלאַנג, וואָס מיר וועלן באַהאַנדלען אין דעם קומענדיקן נומער.

## דער מיטעלער מזרח

מדינת ישראל איז כסדר אַרומגערינגלט מיט שונאים פון די אַראַבישע לענדער, וואָס ווילן נישט אָנערקענען דעם שלום־אָפּמאַך ישראל — עגיפּטן. האָט דאָך יאַסיר אַראַפאַט עפנטלעך דערקלערט, אַז — „מיר וועלן אָפּהאַקן די הענט פון די וואָס האָבן אונטערגעשריבן דעם אָפּמאַך". אָבער די דעמאָקראַטישע וועלט שטימט אין דער יו־ען פאַר אַן אַנטי־ישראל רעזאָלוציע און מען חנפעט זיך כסדר צום קעניג אויל. די אַראַביסטן אין סטעיט־דעפּאַרטמענט, מיט אונדזער פּרעזידענט, ווילן נישט אָנערקענען די פאַראייניקטע ירושלים ווי די הויפּשטאָט פון ישראל.

שוין צייט, שרייבט דזשאָרדזש באָל, דער געוועזענער גע־הילפס־סעקרעטאַר אין סטעיט־דעפּאַרטמענט, אין „פאָרעין אַפעירס" אַז „1980 איז די צייט צו לאָזן וויסן ישראל די וויכטיקייט פון אַראַבישן אויל און אַז ישראל קען נישט דיקטירן די וויכטיקע אינטערעסן פון אַמעריקע". מען פאַרגעסט, אַז מדינת ישראל איז דאָס איינציקע דעמאָקראַטישע לאַנד אין מיטעלן מזרח.

## פאַרבליבענע טרוימער

מיר ווערן באַהערשט פון שטימונגען דערמאָנענדיק דעם ערשטן מאַי פון אַמאָל. דער טאָג — איז „דער ערשטער יוגנט־לעכער שמייכל פון דער געשיכטע", האָט געשריבן אונדזער אומפאַרגעסלעכער ב. טשאַרני וולאַדעק. דורות יידישע סאָציאַליסטן האָבן אין „שטורעם און קאַמף" געטרוימט פון אַ וועלט פון גלייכקייט און פרייהייט.

היינט, מאַי 1980, פאַרבליבענע טרוימער שפּינען די חלומות פון אַמאָל אונטער זייער שווערע באַדינגונגען. דערמאָנען מיר, מיט ליבשאַפט, דורות יידישע סאָציאַליסטישע פרייהייטס־קעמפער פון דעם פרילינגס סאָציאַליזם, וואָס האָבן אין „געזאַלצענעם

ביילע שעכטער־גאָטעסמאַן

### די געגנט

יונגעביימער,
גרינע יונגע ביימער — פריער.
איצטער —
אָפּגעפאַלן אַלע.
אַפילו זייערע קאָרטשעס אַלטע.
גראָע אַלטע זקנים.
אַלץ —
אַלץ מיט גאַנצע פליגל
לאַנג שוין אָפּגעצויגן,
וואו ביי בלאָע ברעגעס זיך באַזעצט,
אַוועקגעפלויגן.
די צייט — פאַרפאַל,
דער פאַל פון אַלטע צייטן,
אַן איבערקערעניש,
אַן איבערטועניש,
אַ גרונטיק בייטן.
היינט — נאָר שוואַרצע, געלע,
אַלע ווייטן —
דאָ.
דער געגנט —
כמעט אָן קינדער.
קליינע קינדער,
יונגע ביימער.
נישטאָ.

ים פון מענטשלעכע טרערן" אויסגעזונגען זייער קאַמפס־ניגון.

## סאַלוט — 80יאָריקע יובילײ־קאָנווענשאָן פון אַרבעטער־רינג

ס'איז אַ לאַנגער וועג פון חודש אַפּריל 1892, ווען אַ פּאָר יידישע אַרבעטער האָבן אין דער דירה פון סעם גרינבערג, אויף 151 עסעקס סטריט באַשלאָסן צו גרינדן אַ „רינג פון פריינדשאַפט". דאָס זיינען געווען די ערשטע שפּראָצונגען, דער אָנהויב פרילינג, וואָס האָט געהאָלפן אויספאָרמירן דעם אַרבעטער־רינג.

„דורות גייען און דורות קומען". דער אַרבעטער־רינג קומט צו דער קאָנווענשאָן, דעם חודש מאַי 1980, מיט וויכטיקע דערגרייכונגען און מיט זיין חשיבות אין יידישן לעבן. אָבער אַ קאָנווענשאָן איז ניט בלויז אַ יום־טוב נאָר אויך אַ טאָג פון חשבון־הנפש. די יידיש־רעדנדיקע מיטגלידער און טוער ווערן כסדר וויניקער. צי וועט דער נייער ענגליש־רעדנדיקער דור טוער אָנהאַלטן די דורותדיקע יידישע קולטור־ירושה? אַוודאי זיינען מיר צופרידן פון דער האַרמאָנישער צוזאַמענאַרבעט פון די צוויי שטראָמען אין אַרבעטער־רינג, וואָס האַלטן אָן מיט חשיבות די צוויי קולטור־שפּראַכן.

אָבער מחמת דעם, וואָס מיר געפינען זיך אין אַ נייער תקופה אין יידישן לעבן ליגט אַ חוב און אַ טיפע אַחריות אויף דער פירערשאַפט, ספּעציעל אויפן בילדונגס־קאָמיטעט, אָנצוהאַלטן די טראַדיציע פון אַרבעטער־רינג. עס איז ממש אַ היסטאָרישער אימפּעראַטיוו צו עטאַבלירן אַ סעמינאַר פאַר ענגליש־רעדנדיקע טוערס, צו לערנען יידישע לימודים, יידישע געשיכטע, יידישע שפּראַך, ליטעראַטור און די ראָלע פון אַרבעטער־רינג אין יידישן לעבן. לאָמיר געדענקען דעם „כרמי שלי לא נטרתי" פון שיר־השירים און היטן כסדר דעם אייגענעם ווייגאָרטן.

מיר באַגריסן די דעלעגאַטן צו דער קאָנווענשאָן און צו דער נייער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע מיטן פּרעזידענט, ווינטשנדיק, אַז זיי זאָלן כסדר זיין אינספּירירט פון די ראשונים, וואָס האָבן מיט זייער וויזיע און מיט ליבשאַפט אויסגעשמידט די גאָלדענע קייט פון אונדזער פאָלקסטימלעכן יידישן סאָציאַליסטישן אַרבעטער־רינג.

---



מאיר ראָק

# די נייע פּראָבלעמען פון דער סאָציאַלער פאַרזאָרגונג

אַ רייע סאָציאַלע און עקאָנאָמישע פאַקטאָרן זענען איצט גורם, עס זאָל זיך ביי אונדז אין לאַנד אויספאָרמירן אַ נייער צוגאַנג צו דער סאָציאַלער פאַרזאָרגונגס־פּראָבלעם.

עס האָט זיך איצט געשאַפן אַ נייע איינשטעלונג צו די מערסטע פון אָט די פראַגן, סיי ביי דער געזעלשאַפט אין אַלגעמיין, סיי ביי דער רעגירונג. ספּעציעל איז דאָס נוגע דעם פּראָבלעם פון דער אַלגעמיינער סאָציאַלער פאַרזיכערונג, אָדער ווי מיר רופן עס דאָ — סאָשל סעקיוריטי.

אַ נייער אַספּעקט אויף דעם געביט איז די פאַרקלענערטע געבורטס־ראַטע, וואָס אין רעזולטאַט דערפון קומט פאַר דאָס „גרוי ווערן" פון אַמעריקע.

די סאָשל־סעקיוריטי סיסטעם ביי אונדז, האָט אַרויסגעוויזן ביז איצט אַ שטאַרקע פעאיקייט זיך צוצופּאַסן צו די זיך ענדערנדיקע, באַדינגונגען פון דער געזעלשאַפט, און צו די נייע פאַקטאָרן וואָס באַווירקן דאָס סאָציאַל־געזעלשאַפטלעכע לעבן.

דאָס איז דערגרייכט געוואָרן דורך דעם, וואָס עס זענען זינט דער גרינדונג פון דעם סיסטעם, מיט 45 יאָר צוריק, כסדר טעטיק קאָמיסיעס און פּאַנעלן, פון אַ פאַרשידענעם געזעלשאַפטלעכן און סאָציאַלן באַשטאַנד, וועלכע שטודירן די אויפגעקומענע פּראָבלעמען און פּרובירן געפינען פאַר זיי אַן ענטפער.

ספּעציעל קריטיש זענען אָט די פּראָבלעמען איצט, ווען טייל פון די פאַרשידענע פאָנדן פון וועלכע דער סיסטעם באַשטייט, געפינען זיך אין אַ פינאַנציעל שווערער לאַגע.

די גאַנצע אַמעריקאַנער געזעלשאַפט, אַלע אירע טיילן און שיכטן מוזן איצט באַשליסן אויף וועלכן אופן אַמבעסטן צו לייזן די איצטיקע פּראָבלעמען.

די סאָשל סעקיוריטי אַדמיניסטראַציע רופט לעצטנס צונויף אַ סעריע פון רעגיאָנאַלע קאָנפערענצן, וועלכע וועלן זיך דאַרפן צונויפקומען אין האַרבסט, צו שאַפן אַ פאָרום פאַר די דיסקוסיעס.

די דאָזיקע סימפּאָזיומס וועלן געבן די פירער פון די פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס, וואָס רעפּרעזענטירן פאַרשידענע געזעלשאַפטלעכע שיכטן, אַ געלעגנהייט פאָרצוברענגען זייערע פאָרשלאַגן און אידעען. אַזעלכע ענלעכע צונויפקומען וועלן במשך פון דעם יאָר 1980 פאָרקומען אין אַ צאָל שטעט, כדי צו שאַפן נאָך אַ גרעסערן פאָרום פאַר אַן עפנטלעכער דיסקוסיע.

דעמאָגראַפן האָבן אויסגערעכנט, אַז ביים סוף פון דעם היינטיקן יאָרהונדערט וועלן די מענטשן איבער 65 יאָר באַטרעפן 20 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג. דעמאָלט וועט אַנשטאָט, ווי עס איז איצט, ווען דריי מענטשן אַרבעטן און איינער איז אַ פּענסיאָנער — זיין מסתמא נאָר צוויי אַרבעטנדיקע, צו איינעם וואָס לעבט פון די עלטער־בענעפיטן.

אַזוי ווי די סאָציאַלע פאַרזיכערונג אונדזערע איז אויסגעשטעלט אויף די קעגנוואַרטיקע איינקונפטן און אויסגאַבן, ווען די שטייערן וואָס קומען איצט אַריין, דעקן די פּענסיעס וואָס ווערן ביים איצטיקן טאָג אויסגעצאָלט, וועט די „פאַרעלטערונג" פון דער באַפעלקערונג מוזן ברענגען צו אַ וויטערדיקער באַדייטנדיקער העכערונג פון די שטייערן וואָס זענען פאַר דעם באַשטימט, וואָס די אַרבעטנדיקע מוזן צאָלן.

די אַלטערנאַטיוון, אָדער די אַנדערע אויסוועגן, זענען דאָס באַנוצן פאַר דעם צוועק די אַלגעמיינע מלוכה שטייער־איינקונפטן. דאָס וועט פאָדערן אַ ספּעציעלע גענעצגעבונג פון קאָנגרעס, ווייל ביז איצט ווערן די פאָנדן פון דער סאָציאַלער פאַרזיכערונג געדעקט נאָר פון די שטייערן וואָס זענען באַשטימט אויסשליסלעך פאַר דעם ציל.

אַן אַנדער אויסוועג איז צו באַשטימען אַ העכערן עלטער ווען מען איז באַרעכטיקט צו די עלטער־פּענסיעס. דער פאָרשלאַג וואָלט געפאָדערט אַז מענטשן זאָלן אַרבעטן מער יאָרן, דעמאָלט וואָלטן זיי געצאָלט מער שטייערן, און וויניקער מענטשן וואָלטן פון די פּענסיעס אויף אַזאַ אופן גענאָסן.

די שוועריקייטן ווערן דערוואַרט אין די קומענדיקע יאָרן, אָבער פאָרויסזאָגן די צוקונפט איז אַ גאַנץ נישט זיכערע זאַך: עס איז, אַ שטייגער, נישטאָ קיין פאַרזיכערונג אַז די געבורטס־ראַטע וועט אין דער צוקונפט טאַקע פאַלן, אָדער אַז די מענטשן וועלן טאַקע וועלן אָנהאַלטן דעם איצטיקן אָפיציעלן פּענסיאָניר־עלטער פון 65 יאָר, אָדער עס וועט נאָך ווייטער אויך אָנהאַלטן די טענדענץ פון דער לעצטער צייט, פריער אויפצוהערן אַרבעטן, ווי עס איז דער אָפיציעלער פּענסיאָניר־עלטער. אָט די פאַקטאָרן וועלן שטאַרק באַאיינפלוסן די סטרוקטור פון די סאָציאַלע פאַרזיכערונגס־פאָנדן.

אַן אַנדער פּראָבלעם איז די גלייכבאַרעכטיקונג פון פרויען אין דעם סאָציאַלן פאַרזיכערונגס־סיסטעם.

ווען די דאָזיקע פאָנדן זענען עטאַבלירט געוואָרן, אין יאָר 1935, איז די טיפּישע אַמעריקאַנער פאַמיליע באַשטאַנען פון אַ ברויט־געבער, דעם מאַן, און אַ הויז־פרוי, וואָס האָט געזאָרגט פאַר דער פאַמיליע, זייענדיק פאַרנומען נאָר מיט דער באַלעבאַטישקייט. צו יענער צייט איז נאָר איין פרוי פון פיר געווען באַשעפטיקט, אָנהאַלטנדיק אַ פּאָסטן אויסער דער היים.

ביים היינטיקן טאָג עקסיסטירט מער נישט די שאַרפע פאַרטיילונג פון מענער אַלס די משפחה־פאַרזאָרגער און פרויען די שטוב־באַלעבאָסטעס; מער ווי אַ העלפט פון אַלע פרויען, שוין אַריינגערעכנט אויך די חתונה־געהאַטע, זענען היינט פאַרנומען אויף באַצאָלטע פּאָסטנס.

דאָך, אונטער די היינטיקע סאָציאַלע געזעצן, וועלן די מערסטע אַרבעטנדיקע פרויען נישט באַקומען קיין פיל גרעסערע פּענסיעס ווי ווען זיי וואָלטן נישט געאַרבעט און באַקומען אויסגעצאָלט פון דעם פאָנד אויפן חשבון פון דעם מאַנס פאַרדינסטן, וואָס דאָס מיינט אַ העלפט פון זיין פּענסיע. די סיבה איז דאָ די, וואָס אַרבעטנדיקע פרויען האָבן פעריאָדן ווען צוליב ביאָלאָגישע סיבות (קינדער־האָבן און די אומגלייכקייט אין די געהאַלטן פאַר פרויען לגבי מענער) — זענען זייערע טאָטאַלע פאַרדינסטן פאַר אַלע אַרבעטס־יאָרן קלענערע, ווען זיי פאַרלאָזן די אַרבעטס־רייען. מען מוז דאָ מאַכן דעם אַלגעמיינעם אויספיר, אַז דער סיסטעם קען נישט, נישט נאָר פאַרזאָרגן גענוגנדיק די באַדערפענישן פון איין גענעראַציע פון די אָנגעזאַמלטע אָפּשפּאָרונגען פון אַ פריערדיקער, נאָר ער איז אויך נישט יושרדיק צו די באַזונדערע טיילן פון דעם זעלבן דור.

אַן אַנדער פּראָבלעם וואָס איז לעצטנס געוואָרן אַקטועל, איז די פראַגע פון באַשטייערן די בענעפיטן וואָס די פּענסיאָנערן באַקומען.

אַ סך שטייער־עקספּערטן זענען לעצטנס אַרויסגעקומען מיט דעם דאָזיקן פאָרשלאַג, אָנווייזנדיק אַז אַ טייל פון די געלטער צו דעם פאָנד ווערן איינגעצאָלט פון די באַלעבאַטים דירעקט צום פאָנד, און זיי זענען אַזוי אַרום אַ טייל פון דעם פאַרדינטן געהאַלט, וואָס געוויינלעך דאַרף מען פון דעם צאָלן שטייערן. ווען מען לאָזט אָט די געלטער, וואָס עס באַקומען שפּעטער די פּענסיאָנערן, נישט באַשטייערט, טענהן אָט די זאַך־קענער, — פאַרקלענערט מען דערמיט די מלוכה־איינקונפט און דאָס גייט אויפן חשבון פון דער גאַנצער באַפעלקערונג, פון אַלע נאָך אַרבעטנדיקע.

די וואָס זענען קעגן דעם האָבן דערפאַר אַ גרויסע צאָל אַרגומענטן. צוערשטנס, — זאָגן זיי, — איז די סאָציאַלע פאַרזיכערונג באַלד פּראָיעקטירט געוואָרן אַזוי, ווען דער קאָנגרעס האָט איינגעשטעלט די דאָזיקע געזעצגעבונג. עס איז דעמאָלט פאַרשטאַנען געוואָרן, אַז נישט נאָר די מענטשן אַליין דאַרפן זיך פאַרזאָרגן, נאָר אַז די גאַנצע געזעלשאַפט דאַרף מיטהעלפן דערצו.

אַ צווייטער מאָמענט, וואָס ווערט דאָ אַרויסגערוקט, איז וואָס דאָס באַשטייערן די פּענסיעס וועט לייגן אַ גאָר שווערן לאַסט אויף די אָרעמע; צווישן די פּענסיאָנערן געפינען אַ גאַנץ גרויסער שיכט וואָס איז נישט פאַרמעגלעך. אויב אַפילו דער שטייער וואָס וועט גענומען ווערן פון די פּענסיעס פון די מיט אַ קליינעם איינקונפט, זאָל אַפילו נישט זיין קיין גרויסער, וועט עס אויך זיין אַ סאָציאַלע אומגערעכטיקייט.

נאָך אַן אַרגומענט איז דאָ, אַז נעמען שטייערן פון די פּענסיעס וואָלט געהייסן טאָפּלטע באַשטייערונג, ווייל פון דעם חלק וואָס דער אַרבעטער האָט איינגעצאָלט פון דעם פאַרדינסט האָט מען דאָך שוין איינמאָל געצאָלט שטייערן ווען מען האָט באַקומען די געהאַלטן, און צו מאַכן צאָלן די עלטערע צוויי מאָל,

איז נישט יושרדיק.

נו, אין סך־הכל איז עס אָבער דאָך אַ פֿאַקט, אַז די פֿאָנדן פון דער סאָציאַלער פאַרזיכערונג געפינען זיך איצט אין אַ קריטישן פינאַנציעלן צושטאַנד. און די שטייערן פון די אַרבעטנדיקע זענען שוין איצט גענוג הויך אַזוי ווי זיי זענען. ווידער, דער אויסוועג פון נעמען פאַר דער סאָציאַלער פאַרזיכערונג פון די אַלגעמיינע מלוכה־געלטער האָט אויך אַ סך קעגנער, אַפילו צווישן די וואָס זענען די שטאַרקסטע פאַרטיידיקער פון דעם סיסטעם ווי ער איז איצט איינגעפירט.

דאָס זענען אַ טייל פון די פּראָבלעמען וואָס דאַרפן איצט דעבאַטירט ווערן.

---

**ישראל פיגאַ**

# בעלגיע און די „אייראָפּעאישע געמיינשאַפט"

דער באַקאַנטער פּובליציסט דזשעימס רעסטאָן האָט דעם 20־טן אַפּריל אין אַן אַרטיקל אין דער „ניו יאָרק טיימס" זיך צעבייזערט אויף די וואַשינגטאָנער פּאָליטיקער: זיי נעמען זיך איבער מיט יעדן אומגליק העט ווייט פון די פאַראייניקטע שטאַטן און שעצן גרינג קאַטאַסטראָפעס אונטער זייער אייגענער נאָז; זיי קענען שוין גוט יעדע האָר אין אַיאַטאָלאַ כאָמעי׳ניס באָרד און זיי נעמען זיך ווייניק איבער מיט דעם, אַז די פּראָווינץ קוויבעק קען זיך אָפּרייסן פון קאַנאַדע און דאָס קען זיין דער אָנהויב פון סוף פון דער קאַנאַדער מלוכה.

מיר דערמאָנען רעסטאָנס באַמערקונג ניט צוליב קאַנאַדע, נאָר ווייל מיר ווילן ציען די אויפמערקזאַמקייט אויף אייניקע אייראָפּעאישע פּראָבלעמען. מיר מיינען אייראָפּע ניט פון געאָגראַפישן, נאָר פון פּאָליטישן שטאַנדפּונקט. דער אונטערשיד איז אַ גרויסער. נאָך דער גרינדונג פון נאָרד אַטלאַנטישן פּאַקט (נאַטאָ) האָט דער פּאָליטישער אינהאַלט פון באַגריף „אייראָפּע" זיך אָפּגעריסן פון געאָגראַפישן אינהאַלט פון דאָזיקן באַגריף. „נאַטאָ" איז אַ מערב־אייראָפּעאישער פאַרטיידיקונגס־פּאַקט, אָבער ס׳געהערן צו אים קאַנאַדע און די פאַראייניקטע שטאַטן. די דאָזיקע ביידע לענדער האָבן זיך באַטייליקט אין דער באַרימטער אייראָפּעאישער קאָנפערענץ אין העלסינקי, וואו ס׳איז געוואָרן אונטערגעשריבן די אייראָפּעאישע דעקלאַראַציע און אַפילו דער סאָוועטן־פאַרבאַנד איז איינגעגאַנגען אויף דעם, אַז די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע זאָלן זיך באַטייליקן אין דער אייראָפּעאישער קאָנפערענץ. מאָסקווע און די מערב־אייראָפּעאישע לענדער באַטראַכטן ווי אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכע זאַך, אַז אויב ס׳וועט פאָרקומען אַ צווייטע אייראָפּעאישע קאָנפערענץ (מען רעדט שטאַרק, אַז זי דאַרף פאָרקומען) וועלן די שטאַטן און קאַנאַדע ווידער זיין פאַרטרעטן.

אין צענטער פון אייראָפּע (אייראָפּע פון פּאָליטישן שטאַנדפּונקט) געפינט זיך בעלגיע, וועלכע מאַכט דורך אַ טיפן נאַציאָנאַלן און פּאָליטישן קריזיס און ס׳איז פאַראַן אַ געפאַר, אַז די דאָזיקע מלוכה זאָל זיך צעפאַלן

* * *

אין דער לעצטער פאַזע פון 2־טן וועלט־קריג האָבן זיך אָנגעהויבן געשפּרעכן צווישן אייראָפּעאישע פּאָליטישע פירערס וועגן אַ פאַראייניקטער אייראָפּע לויטן מוסטער פון די פאַראייניקטע שטאַטן. בעלגיע האָט זיך געפונען אין צענטער פון די דאָזיקע פּלענער. דער ערשטער פּראַקטישער שריט איז געמאַכט געוואָרן אין סעפּטעמבער 1944. ס׳איז געוואָרן אונטערגעשריבן אַן אָפּמאַך צווישן בעלגיע, לוקסעמבורג און האָלאַנד וועגן אַן עקאָנאָמישן בונד צווישן די דריי מלוכות (דער אָפּמאַך איז אַריין אין קראַפט אין יאָר 1947). די פאַראייניקונג איז געוואָרן באַקאַנט אונטערן נאָמען „בענעלוקס". אַ ווייטערדיקער שריט צו פאַראייניקן אייראָפּע איז געמאַכט געוואָרן אין אַפּריל 1951, ווען צום „בענעלוקס" זיינען צוגעשטאַנען אַנדערע מלוכות (פראַנקרייך, מערב־דייטשלאַנד, איטאַליע) און האָבן געשאַפן די „אייראָפּעאישע געמיינשאַפט פון קוילן און שטאָל". די דאָזיקע עקאָנאָמישע פאַראייניקונג פון 6 אינדוסטריעלע מלוכות פלעגט מען באַצייכענען מיטן נאָמען „קליינע אייראָפּע".

נאָך איידער ס׳איז געשאַפן געוואָרן די „קליינע אייראָפּע" איז געוואָרן אָרגאַניזירט אַן אינסטיטוציע אונטערן נאָמען „אייראָפּעאישער ראַט" (מאַי 1949), מיטן אָנטייל פון 10 לענדער: די דריי לענדער פון „בענעלוקס", דענעמאַרק, פראַנקרייך, נאָרוועגיע, שוועדן, ענגלאַנד, אירלאַנד און איטאַליע. אין קורצן זיינען צוגעשטאַנען: מערב־דייטשלאַנד, אייסלאַנד, עסטרייך, טערקיי, גריכנלאַנד און ציפּערן. ביים „אייראָפּעאישן ראַט" זיינען געשאַפן געוואָרן פאַרשידענע קאָמיטעטן, מיט אַ מיניסטאָרן־קאָמיטעט פון מיניסטאָרן דעלעגירטע דורך די מלוכות אָנגעהעריקע צום „ראַט" און מיט אַזאַ פּאַרלאַמענט, צונויפגעשטעלט פון פאָרשטייער דעלעגירטע דורך די פּאַרלאַמענטן פון די אָנגעהעריקע לענדער.

אין יענער צייט האָט געהאַט אַ גרויסן איינפלוס אויף דער אייראָפּעאישער פּאָליטיק דער בעלגישער סאָציאַליסטישער פירער און אויסערן־מיניסטער, פּאַול ספּאַק. אין די ראַמען פון דער „קליינער אייראָפּע" (לאָמיר דערמאָנען, אַז מען האָט זי אויך גערופן „אייראָפּעאישע געמיינשאַפט פון קוילן און שטאָל") האָט ספּאַק געפירט אַ קאַמפּיין, מען זאָל די עקאָנאָמישע צוזאַמענאַרבעט אויסברייטערן אויף ווייטערדיקע ווירטשאַפטלעכע געביטן, שטעלנדיק זיך פאַר אַ ווייטגייענדיקן ציל, צו שאַפן אַן איינהייטלעכע האַרמאָנישע מערב־אייראָפּעאישע ווירטשאַפט, וואָס זאָל ניט זיין געבונדן דורך די נאַציאָנאַלע גרענעצן פון די דאָזיקע מלוכות. אין עקאָנאָמישן לשון האָט מען אַזאַ עקאָנאָמישע פאַראייניקונג באַצייכנט „געמיינזאַמער מאַרק". ספּאַק איז ניט געווען אָפּגעזונדערט. פיל באַדייטנדיקע אייראָפּעאישע פּאָליטישע פירער האָבן אים געשטיצט און בפרט דער פראַנצויזישער סאָציאַליסטישער לידער, לעאָ בלום און דער איטאַליענישער קריסטלעך־דעמאָקראַטישער פירער, דע גאַספּערי. אין דער זעלבער צייט האָט דער פראַנצויזישער טעאָרעטיקער און פּאָליטיקער, מאָנע, געגרינדעט אַ קאָמיטעט צו פאַרשפּרייטן דעם געדאַנק וועגן פאַרוואַנדלען מערב־אייראָפּע אין אייראָפּעאישע פאַראייניקטע שטאַטן.

אין יוני 1955 איז אין די ראַמען פון דער „קליינער אייראָפּע" געשאַפן געוואָרן אַ נייע קערפּערשאַפט, וועלכע מען האָט גערופן „ספּאַק־קאָמיטעט". זי האָט זיך פאַרנומען מיט צוגרייטן קאָנקרעטע פּלענער צו פאַרוואַנדלען די לענדער פון דער „קליינער אייראָפּע" אין אַ „געמיינזאַמען מאַרק". דער ציל איז דערגרייכט געוואָרן אין מערץ 1957, ווען ס׳איז געוואָרן אונטערגעשריבן אַן אָפּמאַך וועגן סיסטעמאַטישער ליקווידירונג פון די צאָל־גרענעצן צווישן די לענדער פון דער „קליינער אייראָפּע". ס׳איז געבוירן געוואָרן דער אייראָפּעאישער „געמיינזאַמער מאַרק", אָדער, ווי מען רופט עס אויך, „אייראָפּעאישע געמיינשאַפט". מיט דער צייט זיינען צו איר צוגעשטאַנען ווייטערדיקע לענדער און די גרעסטע באַדייטונג האָט געהאַט דאָס אָנשליסן זיך פון ענגלאַנד.

די שריט אין דער ריכטונג צו בויען אַן „אייראָפּעאישע געמיינשאַפט", האַבנדיק אויפן אויג אַ ווייטערגייענדיקן ציל צו גרינדן אַן אייראָפּעאישע כּעדעראַציע, אַזאַ מין סאָרט פאַראייניקטע שטאַטן פון אייראָפּע, דאָס אַלץ איז פאָרגעקומען אין קאָמפּליצירטע פּאָליטישע באַדינגונגען, וועלכע זיינען אַריין אין דער געשיכטע אונטערן נאָמען „קאַלטע מלחמה". אין קאָרעאַ איז אויסגעבראָכן אַן אמתער קריג. פון צייט צו צייט האָט מען פון ביידע זייטן געפּאַטשט מיט די שווערדן צוליב די בערלינער קריזיסן. עס זיינען געשאַפן געוואָרן צוויי מיליטערישע בלאָקן, פריער דער נאָרד־אַטלאַנטישער פּאַקט (נאַטאָ) און שפּעטער דער וואַרשעווער פּאַקט. די הויפּט־קוואַרטיר פון דער נאַטאָ און פון אינסטיטוציעס פון געמיינזאַמען מאַרק האָבן זיך געפונען אין פּאַריז. פראַנצויזישע פירנדיקע פּאָליטיקער, ווי בלום, שומאַן, מאָנע און אַנדערע זיינען געווען הייסע אָנהענגער פון דער אידעע צו פאַראייניקן אייראָפּע.

אַלץ האָט זיך געענדערט, ווען פראַנקרייך איז געוואָרן גאָליסטיש. די ווייטערדיקע אַנטוויקלונג פון אייראָפּעאישער איינהייט אין דער ריכטונג פון אַ פאַראייניקטער אייראָפּע איז פאַרבונדן מיט איבערגעבן געוויסע פונקציעס צו צווישן־נאַציאָנאַלע אָדער איבער־נאַציאָנאַלע אינסטיטוציעס. גאָליזם וואַרפט דאָס אָפּ און אַקצענטירט די באַזונדערקייט פון פראַנקרייך. צו די ווייכטיקסטע אייגנשאַפטן פון גאָליזם געהערט אויך די קעגנערשאַפט צו דער פירנדיקער ראָלע פון די פאַראייניקטע שטאַטן אין דער נאַטאָ. ווען גענעראַל דע גאָל האָט איבערגענומען אין זיינע הענט די פירערשאַפט פון זיין לאַנד, האָט זיך אָנגעהויבן די צייט פון אָנגעשטרענגטע באַציאונגען צווישן פראַנקרייך מיט דער נאַטאָ און מיטן אייראָפּעאישן מאַרק. יעדעס לאַנד, וואָס געהערט צו דער נאַטאָ, האָט מיליטערישע אָפּטיילונגען אונטער דער געמיינזאַמער נאַטאָ־קאָמענדאַנטור. פראַנקרייך האָט אירע אָפּטיילונגען אַרויסגעצויגן.

אין רעזולטאַט פון דעם אייגנאַרטיקן סאָרט גאָליסטישן נאַציאָנאַליזם, האָט פּאַריז ניט געקענט מער זיין דאָס זיץ־אָרט פון דער הויפּט־קוואַרטיר פון דער נאַטאָ און פון געמיינזאַמען מאַרק. די דאָזיקע צענטראַלעס זיינען געוואָרן איבערגעטראָגן קיין בריסל, הויפּטשטאָט פון בעלגיע. ווען דער אידעאַל פון די גרינדער פון „אייראָפּעאישן מאַרק וואָלט געוואָרן פאַרווירקלעכט און עס וואָלט געשאַפן געוואָרן אַ נייע מלוכה: פאַראייניקטע שטאַטן פון אייראָפּע, וואָלט בריסל געוואָרן די אייראָפּעאישע וואַשינגטאָן, די אייראָפּעאישע הויפּטשטאָט.

* * *

אין יאָר 1980 זיינען די „בעלגיער" 3 מאָל באַרעכטיקט צו פּראַווען דעם 150־טן געבורטסטאָג פון זייער מלוכה (באַלד וועלן מיר אויפקלערן פאַרוואָס מיר האָבן דאָס וואָרט „בעלגיער" גענומען אין גענדזן־פיסלעך). נאָך הונדערטער יאָרן רוימישער הערשאַפט, פילמאָליקער פראַנצויזישער הערשאַפט אין פאַרשידענע פעריאָדן, שפּאַנישער, דייטשער, עסטרייכישער און צום סוף האָלענדישער הערשאַפט (אַ קורצע צייט פון 1815 ביז 1830) האָט בעלגיע דעראָבערט, אין יאָר 1830, איר באַזונדערע און זעלבסטשטענדיקע מלוכהשאַפט. דעם 25־טן אויגוסט 1830 איז אין בריסל אויסגעבראָכן אַ באַוואָפנטער אויפשטאַנד פון פאָלק קעגן דער האָלענדישער הערשאַפט און נאָך אַ מאָנאַט שלאַכטן זיינען די האָלענדער געצוואונגען געוואָרן, דעם 27־טן סעפּטעמבער, צו פאַרלאָזן בעלגיע. דער 27־טער סעפּטעמבער איז אַלזאָ אַ דאַטע, וועלכע די בעלגיער זיינען באַרעכטיקט צו באַטראַכטן ווי דעם געבורטסטאָג פון זייער מלוכה. דעם 10־טן נאָוועמבער 1830 האָבן זיך אָנגעהויבן די זיצונגען פון אַ בעלגישן פאַרלאַמענט (נאַציאָנאַלער קאָנגרעס) און גלייך איז געוואָרן פּראָקלאַמירט דער אָנהייב פון דער בעלגישער מלוכה. דער 10־טער נאָוועמבער קען דערפאַר אויך ווערן באַטראַכט ווי דער געבורטסטאָג פון דער מלוכה. ווי די דריטע געבורטס־דאַטע קען מען אָננעמען דעם 30־טן דעצעמבער 1830, דעם טאָג, ווען אַן אינטערנאַציאָנאַלע קאָנפערענץ מיטן אָנטייל פון רוסלאַנד, ענגלאַנד, פראַנקרייך, עסטרייך און פּרייסן האָבן אָנערקענט בעלגיעס אומאָפּהענגיקייט.

אין בעלגיע פילט מען אָבער ניט קיין ערב יום־טוב שטימונג. די 10־מיליאָניקע באַפעלקערונג פון לאַנד, איז טיף צעשפּליטערט און אין אַ פּעסימיסטישער שטימונג. די בעלגיער שפּאַרן זיך נישט ניט וועגן דעם, וועלכע פון די דריי דאַטעס: דעם 27־טן סעפּטעמבער, דעם 10־טן נאָוועמבער צי דעם 30־טן דעצעמבער דאַרף מען אָנערקענען פאַר דעם אייגנטלעכן געבורטס־טאָג פון דער מלוכה. דער קאָנפליקט איז פיל ערנסטער, טיפער, מער קאָמפּליצירט און שטעלט אונטער אַ פראַגע־צייכן די צוקונפט און די סאַמע עקסיסטענץ פון דער מלוכה. דער קאָנפליקט טראָגט אַ נאַציאָנאַל־שפּראַכלעכן כאַראַקטער. די בעלגיער צווייפלען היינט, צי דער באַגריף „בעלגיער" האָט בכלל אַן אינהאַלט, צי עקסיסטירט אַ בעלגיש פאָלק און צי די עקסיסטענץ פון אַ בעלגישער מלוכה איז היסטאָריש באַרעכטיקט.

די גרינדונג פון דער בעלגישער מלוכה אין יאָר 1830 איז צושטאַנד געקומען דורך אַ שידוך צווישן צוויי נאַציאָנאַליטעטן מיט באַזונדערע שפּראַכן: פלעמער, וואָס זייער שפּראַך געהערט צו דער גערמאַנישער (דייטשער) שפּראַכן־גרופּע און איז אַ דיאַלעקט פון דער האָלענדישער שפּראַך און וואַלאָנער, וואָס זייער שפּראַך איז אַ דיאַלעקט פון פראַנצויזיש. ביידע גרופּעס שטאַמען פון די זעלבע אוראַלטע קעלטישע שבטים, האָבן זיך הונדערטער און טויזנטער מאָל אויסגעמישט איינע מיט דער צווייטער אין לויף פון דורות, און דאָך האָט די זעלבסטשטעדיקע בעלגישע מלוכה זיך ניט פאַרוואַנדלט אין אַ שפּראַכלעכן, נאַציאָנאַלן און קולטורעלן שמעלץ־טאָפּ. נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה האָבן די אונטערשידן דערפירט צו שאַרפע עטנישע קאַמפן: דאָס פאָרפאָלק האָט אָנגעהויבן צו פירן אונטערהאַנדלונגען וועגן צעטיילן זיך מיטן געמיינזאַמען טעריטאָריאַלן פאַרמעגן.

מיט 10 יאָר צוריק איז באַשלאָסן געוואָרן צו פאַרוואַנדלען די מלוכה אין אַ פעדעראַציע פון 3 פּראָווינצן: פלאַנדריע, וואַלאָניע און די הויפּטשטאָט, בריסל, זאָל פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ באַזונדערע פּראָווינץ מיט אַ טאָפּלטן כאַראַקטער: פון איין זייט זאָל זי זיין אויטאָנאָמיש, פון דער צווייטער זאָל זי פאַרבינדן פלאַנדריע מיט וואַלאָניע, סימבאָליזירנדיק די ווייטערדיקע, ניט איבערגעריסענע עקזיסטענץ פון דער בעלגישער מלוכה. דעם דאָזיקן פּראָיעקט קען מען אָבער ניט איינפירן אין לעבן, ווייל די פּראָבלעם פון בריסל האָט אַרויסגערופן אַ נייעם פאַרביסענעם קאַמף. טעריטאָריעל, געאָגראַפיש, געהערט בריסל צום פלעמישן געביט (פלאַנדריע). אָבער, ווי געזאָגט, די פלעמער רעדן פלעמיש (אַ האָלענדישער דיאַלעקט) און די באַפעלקערונג פון בריסל רעדט פראַנצויזיש. די פלעמער זיינען קעגן דעם, אַז די הויפּטשטאָט, וואָס ליגט אויף זייער טעריטאָריע, זאָל אַדמיניסטראַטיוו פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ באַזונדערער פּראָווינץ. דאַקעגן די וואַלאָנער ווילן ניט איבערגעבן די הויפּטשטאָט אין די הענט פון דער קאָנקורירנדיקער נאַציאָנאַליטעט.

אַזוי גייט אָן דער שפּראַכלעכער נאַציאָנאַליטעטן־קאַמף וואָס צעשפּליטערט בעלגיע און נעמט אָן שאַרפע פאָרמען, און מיר קענען ניט האָבן קיין זיכערקייט, אַז די בעלגישע מלוכה האָט אַ גרויסע צוקונפט.

* * *

בריסל איז היינט די הויפּטשטאָט פון נאָרד־אַטלאַנטישן פּאַקט און פון דער „אייראָפּעאישער געמיינשאַפט", וועלכע דאַרף זיך אַמאָל פאַרוואַנדלען אין פאַראייניקטע שטאַטן פון אייראָפּע. בריסל, די הויפּטשטאָט פון אַ מלוכה, וואָס צעפאַלט זיך אויף שטיקער. די הויפּטשטאָט פון אַ פאָלק, וואָס זיין נאָמען, „בעלגיש" פאָלק, דאַרף מען נעמען אין גענדזנפיסלעך, ווייל ס׳איז שאַרף צעריסן אינערלעך דורך שפּראַכלעך־עטנישע קאָנפליקטן און צעפאַלט זיך אויף צוויי פיינטלעכע נאַציאָנאַליטעטן.

אַזוי זעט אויס די הויפּטשטאָט פון דער „אייראָפּעאישער געמיינשאַפט". די סיטואַציע אין בעלגיע שפּיגלט אָפּ די אינערלעכע צעריסנקייט פון דער קאַפּיטאַליסטישער מערב־אייראָפּע.

---

**גבריאל פרייל**

# לידער

## אויפן שאַרף

דער גלי פון אַ זומער מיטנטאָג
דער גלי פון ערב־ליד
ערב אַ זען־זיך
וואָס לאָזט מיר באַנעמען
איר פרי־האַרבסטיקן רייץ.
איך קען זיך בלויז פאָרשטעלן
איר מיר־פרעמדן פרילינג.

איצט שטורעמען סעזאָנען אַריבער
געאַנטע און ניט־געאַנטע גרענעצן
כ׳בין אַ וואַלד אָפן און פאַרמאַכט
און עס איז שוין ווייט אין נאַכט
ווען אַ שטילקייט אַזאַ גליט
אויפן שאַרף פון אַ ליד.

## דורך אַ פענצטערל

ניט דזשאָיס און ניט פיכמאַן
זיינען באַהיטער פון בלינדע גרענעצן.
נאָר נאָך דער אָפּעראַציע
עפנט זיך אַ קליין פענצטערל
אין דאָס פאַרוואָלקנט אויג.
פאַרבן הויבן אָן צו מיניען,
צו סאָרטירן זיך אַליין.

איך בין שוין לאַנג סאָרטירט:
אַ מאַן מיט ספקות ווי דערנער
וואָס בענטשט אַמאָל אַ קליינעם דאָ —
דעם שימער פון אַ מעווע
אויף אַ פאַליע.

יהושע ראָטנבערג (בראַנדייס אוניווערסיטעט)

# אַ בוך פון גוטער פּאָעזיע

עס איז ניט לאַנג צוריק אַרויס אין פרץ־פאַרלאַג, אין תל־אביב, אַ באַנד לידער פון פריער ליטווישן, דערנאָך סאָוועטישן און איצט ישראלדיקן תושב יהושע לאַצמאַן. לאַצמאַן האָט אָנגעהויבן שרייבן פּאָעזיע אין דער אומאָפּהענגיקער (קאָוונער) ליטע פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה. ווען דער סאָוועטן־פאַרבאַנד האָט „באַוויליקט" אַריינצונעמען ליטע אין דער „משפחה פון די סאָוועטישע פעלקער" איז דער פּאָעט געוואָרן אַ סאָוועטישער בירגער. אין דער מלחמה־צייט איז ער געווען אין קאַזאַכסטאַן, פון וואַנען ער איז נאָך דער מלחמה געקומען קיין ווילנע. די סאָוועטישע רעגירונג האָט אָנערקענט זיין פּאָעטישן טאַלאַנט און ווי אַ ייִדישן דיכטער פון באַטייט אים אַרעסטירט. ווי האָט געזאָגט דער סאָוועטישער פּאָעט אָסיפּ מאַנדעלשטאַם (אַ ייד) ווען ער האָט געוואָלט טרייסטן זיין פרוי אײדער מען האָט אים אַרעסטירט: „בלויז אין סאָוועטן־פאַרבאַנד שעצט מען אַזוי הויך פּאָעזיע, מען שיסט פאַר איר".

לאַצמאַנען האָבן זיי ניט דערשאָסן, אָבער ער איז אַרויס פון געפענגעניש אַ שווער קראַנקער און קיין ישראל האָט מען אים אין 1971 געברענגט אויף אַ טראָגבעטל. אַרום צען יאָר ווי ער איז צוגעבונדן צו זיין בעט אין זיין היים אין ראשון לציון. ער ליגט אין בעט און שרייבט לירישע לידער, און אַ פאַרגלייך קומט אין זינען מיט אַן אַנדער פּאָעט וואָס האָט געהאַט אַן ענלעכן גורל — היינריך היינע.

יהושע לאַצמאַן איז ניט קיין היינע, אָבער ענלעכקייטן זיינען פאַראַן. אין לאַצמאַנס בוך תהילים־געזאַנגען, וואָס איז אַ זאַמלבוך פון לידער און פּאָעמעס, געשריבן אין פאַרשידענע צייטן און אַרויסגעגעבן צום 50־יאָריקן יובל פון דיכטערס שאַפן, איז פאַראַן דער געמיט פון ביטערניש און פרייד, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר היינען. כאַראַקטעריסטיש איז אויך די איינטיילונג פון בוך אין דריי טיילן, וואָס צוויי פון זיין הייסן „אַ ליד צום לעבן" און „מיט אַ פאַרטרויערט האַרץ": דער פּאָעט זינגט אַ הימן צום לעבן מיט אַ פאַרטרויערט האַרץ.

אַ סך פּאָעטן שרייבן וועגן זייער „אייביקן בונד" מיט פּאָעזיע, אָבער עס זיינען פאַראַן ווייניק פּאָעטן ביי וועמען דאָס איז ניט קיין עקזאַלטירטע איינרעדעניש. ווען מען לייענט לאַצמאַנס פּאָעזיע בלייבט ניט קיין ספק אַז ער מוז שרייבן פּאָעזיע, — אין לייד און אין פרייד, אין תפיסה און אויף דער פריי, צי געזונט, צי קראַנק. עס איז ניט שייך צו זאָגן אַז ער „איז פאַרליבט" אין וואָרט, עס איז פשוט אַ טייל, כמעט אַ פיזישער טייל פון זיין לעבן, ווי עס איז ניט שייך צו זאָגן אַז אַ מענטש איז פאַרליבט אין זיין האַנט אָדער פוס. מיר גלייבן לאַצמאַנען ווען ער זאָגט:

אַ טייל פון מיין בלוט איז מיין ליד,
מיין ווי און מיין האַרץ — איז מיין ליד. (ז. 108)

און אין אַן אַנדער ליד:

דו ווייסט דעם גלעט און בעט פון איטלעך וואָרט,
וואָס איך מיט דיר האָב אין דער שטיל פאַרטראַכט.
דאָס איז דאָס צאַרטע וואָרט, וואָס פאָרט
אַ בוים מיט פעלד, אַ מאַן מיט פרוי, אַ שטערן מיט דער נאַכט.
(ז. 53)

אַ סימן מובהק פון גוטער פּאָעזיע איז אַז איר גלייבט דעם פּאָעט. פאַראַן פּאָעטן וואָס זיינען ווירטואָזן פון פאָרעם, אָבער מען פילט ניט אין זייערע שירים דעם אינערלעכן גלי און פיין, די טיפע אויפריכטיקייט. דוכט זיך אַז אויף אַזעלכע פּאָעטן קען מער אפשר זאָגן אַז זיי זיינען אויסגעצייכנטע פּאָעטן אָבער ניט קיין אמתע פּאָעטן, ווי פּאַראַדאָקסאַל דאָס זאָל ניט קלינגען. ביי לאַצמאַנען איז פּאָעזיע ניט בלויז אַן אופן אַרויסצורעדן זיך, אַ מיטל אַראָפּצורעדן זיך, נאָר אַ טייל פון אים.

אַזאַ פּאָעט, קען מען דערוואַרטן, איז קודם כל אַ ליריקער. ניט אַלע לידער אין דער זאַמלונג זיינען פון זעלביקן איכות, וואָס איז פאַרשטענדלעך אין אַ זאַמלונג וואָס נעמט אַריין פאַרשידענע תקופות פון אַ מחברס שאַפן. אָבער תמיד איז בולט דער אינטעגראַלער קשר פון פּאָעט מיט זיין ליד.

אַ שוואַכער, מיט יאָרן באַלאָדן —
אין מדבר אַ קעמל, וואָס קניט, —
האָב איך מיינע לידער צעטראָטן,
נאָר ווידער דערגאַן צו מיין ליד. (ז. 40)

ער האָט געזען ווי „ס'ליבן זיך צווייגן, / הער: ס'זינגט דער בלאַט צעבליט, / ער האָט אויפגעהערט צו שווייגן, / ווייל ער איז אַליין אַ ליד."

די מעטאַפאָרן און אימאַזשן זיינען אין די ניט־לירישע לידער אויך באַהויכט מיט אַ לירישן אונטערטאָן. אָט איז איין דוגמא, פון ליד „אין ווילנע ביינאַכט":

די גאַסן ציען אויס די קני
אונטער די לאָמפּן־שטערנס, ביי דער העלער שיין,
אַרום די בערג, ווי שווערע, פעטע קי,
פאַרשיכורט פון בענזין, די אויטאָס שלאָפן איין.
דעם טייך, דעם שטראָם עס שטערט אין שלאָף די בריק,
אַ דאַמפער שווימט, פאַרטראַכטערהייט ער שווימט.

צווישן די גרעסערע פּאָעמעס זיינען באַזונדער אינטערעסאַנט די צוויי פּאָעמעס „זאַמעט" און „צום הייליקן לאַנד". די עפּישע פּאָעמע „זאַמעט" איז געשריבן אין לאַנגע באַדאַכטע סטראָפעס. ייִדישע פּאָעטן האָבן ניט בלויז באַזונגען זייערע היימשטעט נאָר עטלעכע פון זיי אויך די פּראָווינץ אין וועלכער זייער היימשטאָט האָט זיך געפונען, — אויב זי איז בולט געווען מיט איר ספּעציפישקייט; אַזוי האָט, למשל, פרץ מאַרקיש באַזונגען וואָלין אין זיין פּאָעמע אונטער דעם זעלביקן נאָמען. זאַמעט איז געווען אַ טייל פון ליטע וואָס האָט געהאַט איר באַזונדער קאָלאָריט, — און וויכטיק איז צו פאַראייביקן דעם קאָלאָריט און כאַראַקטער פון די פאַרשוואונדענע ייִדישע שבטים אין מזרח־אייראָפּע. עס איז לאַצמאַנען געלונגען אַראָפּצוכאַפּן די אַטמאָספער און דעם געמיט פון ייִדישן זאַמעט פאַרן חורבן, ווען די יוגנט פון דער פאַרוואָרפענער פּראָווינץ איז געלאָפן קיין אויסלאַנד און אין די „גרויסע" ליטווישע שטעט קאָוונע און שאַוול, וואו עס זיינען געווען גרעסערע מיגלעכקייטן צו געפינען אַ באַשעפטיקונג און אַ מאָדערנע קולטור־סביבה.

זאַמעט, די פּראָווינץ פון ליטע, וואו די שטעטלעך זיינען פאַר דער מלחמה געוואָרן האַלב אויסגעליידיקט און וואו „אַזוי ווי דער חומש איז אַלט און איז הייליק דער גרויסער בית עולם / מיט גרויע מצבות פון שטיין, מיט אוהלס געוועלבטע פון טרויער", און וואו יידן וואוינען ביים ראַנד פון שטעטל „גייען אַליין נאָכן אַקער און טוליען זיך פעסט צו דער ערד", צו דער ערד וואָס אין זאַמעט איז זי „זאַמדיק און מאָגער". די אומעטיקייט פון די זאַמעטער פעלדער ליגט אין די פערזן פון דער פּאָעמע. זיי דערמאָנען דוד האָפשטיינס שורות: „אין ווינטער־פאַרנאַכטן אויף רוסישע פעלדער! וואו קען מען זיין עלנטער, וואו קען מען זיין עלנטער..."

און די פּאָעמע ענדיקט זיך מיט שורות וואָס אָטעמען מיטן פאַרגעפיל פון קומענדיקן חורבן.

פאַרנאַכט איז עס שטיל. אַן אַלטיטשקער וויינט אין בית־מדרש
אַרויס פון אַ תהילים.
דער לייב האָט אין מזרח פאַרוואָרפן זיין קאָפּ, געטרייסלט
די גרוווע מיט שנאה,
די שלאַנג פון סופיט איז געקראָכן צום לייב און עפּעס געזאָגט
אַזוי שטיל אים:
— איר גיפט האָט צעשפּרייט זיך צום הימל, צום הימל, עס גוססט
אין אַנגסטן די שכינה...

די פאַרטיפסטע שורות אין בוך געפינט מען אין דער פּאָעמע „צום הייליקן לאַנד". דער סימבאָליזם פון דער פּאָעמע לאָזט זיך פאַרשידן אויסטייטשן. מעפיסטאָ, דאָן קיכאָט און דולטשינעאַ זיינען דאָ ניט באַשטימטע סימבאָלן און מעטאַפאָרן, ווי מען וואָלט געקאָנט דערוואַרטן פון די אַזוי גוט באַקאַנטע סימבאָל־געוואָרענע געשטאַלטן פון דער וועלט־ליטעראַטור. זיי ענדערן זיך אין דער פּאָעמע, דאָן קיכאָט איז ניט תמיד נאַאיוו און מעפיסטאָ לאַכט ניט תמיד סאַרקאַסטיש. צום סוף קומען זיי אין הייליקן לאַנד און „אין לאַנד איז גאָר מיטוואָך, אַ טומל, אַ מאַרק, — / אַ שטאָט אין אַ טאָל און אַ דאָרף אויף אַ באַרג. / עס קוקן די ריטער פאַרבלענדטע און דאָ / דערזעען אין לאַנד זיי, קיין נס איז נישטאָ."

פון יהושע לאַצמאַנען האָט מען ווייניק געהערט ווען ער איז געווען אין סאָוועטן־פאַרבאַנד. גאַנץ זעלטן האָט מען זיינע לידער געזען אין „סאָוועטיש היימלאַנד", און די לידער וואָס זיינען דאָרטן געווען געדרוקט זיינען ניט געווען זיינע בעסטע. עס קען זיין דערפאַר, וואָס ווי לאַצמאַן זאָגט אין איין ליד, „נאָר מיט מיין פען נישט געהאַנדלט, כאָטש געווען שוין ביים ברעג פון טויט".

דאָס בוך תהילים־געזאַנגען איז פּראַקטיק אַרויסגעגעבן, וואָס איז היינט צו טאָג אַ זעלטנקייט אין ייִדישע ביכער. עס איז אַ פאַרגעניגן צו האַלטן אַזאַ בוך אין דער האַנט און זיפן פּאָמעלעך די פּאָעטישע שורות פון בוך.

---

אַלעקסאַנדער ליזען

# צוריק צו דער מאַמען*

## (דערציילונג)

די טיר האָט זיך געעפנט מיט אַ טראַסק. אויף דער שוועל האָט זיך באַוויזן פייע מיט אַ באַשמייכלט פנימל, און דינה האָט אויסגעשריגן:

— פייע!

— וואָסי, מאַמעניו?... ניט געוואַרט אויף מיר?

דינה האָט גאָרניט נישט געענטפערט. זי איז געבליבן שטיין, ווי געפלעפט, און שווייגנדיק געקוקט אויף דער טאָכטער, וואָס האָט זיך נאָך ברייטער צעשמייכלט.

„עפּעס צו די ליפּן צעצויגן..." — האָט די מוטער אַ טראַכט געטאָן, נאָר גאָרניט נישט געזאָגט. פייע איז נאָך אַלץ געשטאַנען ביי דער שוועל. דינהס שווייגעניש האָט אויסגעזען נאָך מער דריקנדיק ווי פייעס שמייכל, און זי האָט האַמעטנע אויסגערעדט:

— פאַרמאַך די טיר.

פייע האָט שטיפעריש געפרעגט:

— פון דער זייט, צי פון יענער?

די מוטער שווייגט. זי קוקט אַרום איר טאָכטער פון אַלע זייטן מיט אַ בלאָנקענדיקן און איינצייטיק געשפּאַנטן בליק. פייעס פּנים זעט אויס בלייכלעך, אונטער די אויגן — טונקעלע פאַרטריקנטע שפּורן.

— האָסט געוויינט, פייעלע?

פייע צעלאַכט זיך הויך, אויף אַ קול, און מיט עפּעס אַ מאָדנע זיך פאַרגייענדיקער קוויטשעריי. „פייעלע, טעכטערל מיינס, וואָס איז מיט דיר? האָסט קיינמאָל נישט אַזוי געקייכט..." נאָר זי זאָגט איר גאָרניט. זי פרעגט די טאָכטער שטיל און איינגעהאַלטן:

— נו, ווי גייט עס דיר?

ערשט איצט טוט פייע ווידער אַ טראַסק מיט דער טיר, טוט אַ שטופּ זי מיטן פוס, זי איז בודק, הייסט עס, צי די טיר איז טאַקע פעסט פאַרמאַכט אויף דער קליאַמקע, דערנאָך לויפט זי צו דער מוטער אימפּעטיק, מיט אַ ווינטל, נעמט זי דראַנגפּול אַרום, די מוטער צעכליפּעט זיך, און די טאָכטער קוועלט.

— אויסגעצייכנט! — רופט אויס פייע איילִיק און עפּעס אויטאָמאַטיש, גלייך ווי דאָס דאָזיקע וואָרט וואָלט שוין פון לאַנג געווען פאַרגרייט און ס'איז געלעגן אויף דעם שפּיץ צונג.

די מוטער וואַרט וואָס די טאָכטער וועט ווייטער זאָגן. נאָר פייע לאַכט גאָר. דינה באַפרייט זיך פאָרזיכטיק פון פייער אָרעמס, טרעט אָפּ אויף עטלעכע טריט, טרייבט אַוועק פון זיך די באַדאַכטע קווענקלענישן, און פרעגט אַנטשלאָסן:

— ער קריוודעט דיך ניט?

דער „ער" איז מיט אַ קוועטש. פייע ווייסט אַוודאי וועמען די מאַמע מיינט. נאָר אינעווייניק ביי איר מאַכט זיך אָן אויף צו להכעיסדיק שדל לוסטיק. און זי פרעגט איבער:

— ווער? יאָשע?

די מוטער שווייגט. די טאָכטער וויל באַווייזן, אַז איר פאַרדריסט, וואָס איר מוטער האָט זיך ביז אַהער ניט אויסגעלערנט רופן איר אײדעם ביים נאָמען. שטענדיק רופט זי אים „ער". און דער טאָכטערס פאַרדראָס האַלט אין איין וואַקסן גריילעך איבער דעם, וואָס אַצינד איז זי מסכים מיט דער מוטער, נאָר וויל זיך ניט מודה זיין, צי אפשר וויל זי ניט מצער זיין איר מאַמע, און נעמט זיך גלייך פּלאַפּלען, און די ניין מאָס רייד פאַרטשעפּען ניט דער מוטערס האַרץ, וואָרעם זיי דרינגען ניט אַרויס פון איר טאָכטערס האַרץ, און גרימפּלען ווי פּוסטע בימבערלעך.

— וואָס איז דיר עפּעס איינגעפאַלן אין קאָפּ, מאַמעניו! ניין, יאָשע קריוודעט מיך ניט. ער האָט מיך זייער ליב. קענסט זיך אַפילו ניט פאָרשטעלן.. ער האָט מיך ליב ווי דאָס לעבן, ווי דעם ליכטיקן טאָג, ווי אַן אויג אין קאָפּ, ווי...

— ווי דאָס שוואַרצאַפּל פון אויג... — זאָגט איר אונטער די מוטער, און די טאָכטער חזרט איבער גלייך ווי גאָרנישט:

— ווי דאָס שוואַרצאַפּל פון אויג, ווי...

דינה שלאָגט איבער:

— נו, און די שוויגער? דער שווער?

פייע פאַרכלינעט זיך אַזש פון לויבגעזאַנגען.

— אָ! דאָס זיינען זייער פיינע מענטשן! זיי האָבן מיך אויך מסוכן ליב. שטעל זיך פאָר, אַז זיי לאָזן מיך אַפילו ניט אַריינגיין אין קיך. די שוויגער קאָכט פאַר אונדז אַלע, און דער שווער פאַרזאָרגט אונדז מיט פּראָדוקטן. חוץ דעם...

דינה שלאָגט ווידער איבער די טאָכטער. זי וויל איר עפּעס זאָגן, עפּעס זייער וויכטיקס. זי פאַרקנייטשט דעם שטערן, פאַרמאַכט אויף אַ ווײלע די אויגן. נאָר די טאָכטער קוועלט שוין ווידער, און די מוטער פרעגט זי מיט אַן אָנגעשטויכט האַרץ:

— וואָס זשע ביסטו פּלוצעם געקומען צו פאָרן?

פייע ענטפערט גלייך ווי אַ מיזמור, און לויט דער דאָזיקער גלאַטקייט שטויסט זיך אָן די מוטער, אַז אויך דער דאָזיקער ענטפער איז פאַרגרייט אַפּריער:

— כ'האָב זיך פאַרבענקט נאָך דיר, מאַמעניו... אַנומלטן, ווען איך בין געווען ביי די...

אַ וואוילע טאָכטער, קיין עין הרע! אַ געטרייע טאָכטער! פאַרבענקט זיך, נעבעך, נאָך דער מאַמען...

איז גוט. זאָל זיין אַזוי. זאָל דאָס ניט דערזאָגטע איבערברעכן אין האַרצן. דינה וויל אַריינפאַלן אין דער טאָכטערס אויסגעמוטשעטער פּלאַפּלעריי מיט אַ פראַגע, וואָס איז אי אַ שאלה, אי אַ פאָרוואורף: „האָב איך דיך דען ניט געוואָרנט, טעכטערל?" נאָר זי האַלט זיך איין מיט אַלע כוחות. שווייגנדיק גייט זי צו צו פייען, נעמט זי אַרום, און ביידע צעוויינען זיך... נאָכדעם נעמט דינה פייען פאַר דער האַנט ווי אַ קליין קינד און פירט זי אַריין אין אַלקערל.

— דערקענסט דיין צימער?... רו זיך אָפּ. מיר וועלן שוין זען, וואָס מיר האָבן צו טאָן...

* אַלעקסאַנדער ליזען איז אַ סאָוועטישער ייִדישער שרייבער. ער האָט געשריבן אויף אוקראַיניש און רוסיש — אָבער די לעצטע יאָרן שרייבט ער אויף ייִדיש און דרוקט זיך אָפּט אין „סאָוועטיש־היימלאַנד" און אין „ביראָ־בידזשאַנער שטערן". אין „סאָוועטיש היימלאַנד" האָט ער מיט עטלעכע יאָר צוריק פאַרעפנטלעכט אַ ראָמאַן פון ייִדישן לעבן אין אוקראַינע אין דער צייט פון בירגער־קריג.

„צוריק צו דער מאַמען" איז געווען געדרוקט אין „ביראָ־בידזשאַנער שטערן" דעם 2־טן מאַרץ 1980.

---

משה שטיינגער

## מתנה פון זיין

לאָמיר שליסן די טעג
מיט שליסל פון פרייד —
מיט אויפגיין פון זון,
איר געטלעכער באַגלייט.

לאָמיר הייבן דאָס לעבן
צו הויך פון די הייכן,
און נעמען פון דאָרט
דעם רעגנבויגן צייכן
און בענטשן דאָס לעבן
מיט ברכה פון שיין,
ווי גאָט געבענטשט האָט
די מתנה — פון זיין.

פּראָפֿ. אַרטור לערמער

# צו דער דיסקוסיע וועגן אַ שעפערישן יידישן לעבן

אין זיין קאָנדענסירטן און טרעפלעכן איבערבליק און אָפּשאַצונג פון דער דיסקוסיע אין „קולטור און לעבן" וועגן אַ שעפעריש יידיש לעבן אין אַמעריקע, האָט ד"ר אליהו שולמאַן צווישן אַנדערע איבערגעגעבן דעם תוך פון מיין תשובה אויף דער אַנקעטע.

נאָכדעם ווי ער ציטירט אַ זאַץ פון מיין מאמר וועגן רעליגיעזן סעקטאָר און זיין באַציאונג צו יידיש זאָגט דר. שולמאַן „עס איז געוויס אמת אַז אין די גאָר פרומע קרייזן רעדט מען יידיש, און אַז אויב מען וויל הערן ווי קינדער רעדן יידיש דאַרף מען גיין אין מלכות סאַטמאַר אין וויליאַמסבורג. אָבער קיין באַזע פאַר דער יידישער ליטעראַטור, איז אין יענע קרייזן ניטאָ".

בין איך מסכים. אָבער איך האָב ראשית נישט באַטראַכט דעם דאָזיקן רעליגיעזן סעקטאָר ווי אַ באַזע און והשנית האָב איך נישט געהאַט אין זינען דעם דאָזיקן צד אין רעליגיעזן לאַגער. אמת, איך האָב עס געדאַרפט קלאָר זאָגן, געמיינט האָב איך סיי די אָרטאָדאָקסן, מאָדערנע אַמעריקאַנער, סיי קאָנסערוואַטיוון, רעפאָרם און רעקאָנסטרוקציאָניסטן.

די דאָזיקע קרייזן מאַכן דורך אַן ערנסטן גייסטיקן קריזיס (פאַרשטייט זיך אין פאַרשיידענע ניואַנסן און אינטענסיווקייט), אַ קריזיס פון אידענטיטעט. אַלע האָבן זיי דאָך סוף כל סוף אַקצעפּטירט דעם פּרינציפּ פון פאָלקס־געמיינשאַפט. ס'פעלט זיי אָבער אַ קאָנקרעטע פאָרם פון געבן אַ תיקון אָט אַ דער באַשיימפּערלעכער טענדענץ.

מיר, אין קאַנאַדע, האָבן דורך דעם אַל־קאַנאַדער קאָמיטעט פאַר יידיש ביים קאַנאַדער יידישן קאָנגרעס (אונדזער רעפּרעזענטאַטיווע דאַך־אָרגאַניזאַציע פון יידישן ישוב), באַוויזן צו דערגרייכן אַ רייע פון די שטאַרקסטע סינאַגאָגעס. באַראַטונגען מיט ראַבייס האָבן זיך אַרויסגעוויזן צו זיין דערפאָלגרייכער ווי מיר האָבן זיך גערעכנט. אין אַ צאָל סינאַגאָגעס ווערן דורכגעפירט יידיש־פּראָגראַמען. הלוואַי וואָלטן מיר געהאַט גענוג כוחות זיי צו העלפן, ווי פיל אַקטיווער וואָלט דער דאָזיקער פּראָגראַם געקענט ווערן.

צווישן אַנדערע טעמעס איז דער פּראָבלעם פון יידיש אין דער אַ סביבה אָפּט דערמאָנט געוואָרן, בעת דעם א. ג. שבתון, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין די ראַמען פון דער 2־טער אַל־קאַנאַדער קאָנפערענץ פאַר יידיש אין מאָנטרעאָל, אין אָקטאָבער 1979. באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט איז, פאַרשטייט זיך, געבראַכט געוואָרן צום אויסדרוק אויף דער ספּעציעלער אַרבעטס־סעקציע פאַר „יידיש אין רעליגיעזן לעבן".

איינער פון די חשובסטע מזרחי־פירער אין לאַנד (אַ מיטגליד אין דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע פון קאַנאַדער יידישן קאָנגרעס), הרב יוסף נאַדלער, האָט וואָלונטירט צו אָרגאַניזירן די דאָזיקע סעקציע און אין זיין דערעפענונגס־וואָרט האָט ער געזאָגט, „מיר זיינען אין די לעצטע יאָרן עדות פון אַ נייעם טיפּ אָרטאָדאָקסישן ייד, וואָס האָט זיך אויסגעפורעמט אויפן אַמעריקאַנער קאָנטינענט און טיילוויז אין אַנדערע טיילן פון דער וועלט. די פאַרשוואונדענע וועלט פון מזרח־אייראָפּע איז אין דער תורה־וועלט צוריק געוואָרן אַ לעבעדיקער באַגריף. פּונקט אַזוי קען אויך יידיש צוריק באַלעבט ווערן און מען דאַרף אַלץ מער אַריינדרינגען מיט אָט דער אידייע אין די אָרטאָדאָקסישע קרייזן".

איך ציטיר די דאָזיקע שורות נאַטירלעך ווי הרב נאַדלערס אַ מיינונג, וואָס דריקט אויס אַ וואַקסנדיקע איינשטעלונג ביי אַ טייל פירער פון יענעם לאַגער.

הרב כאַראַן (דער ראש ישיבה) האָט גרינטלעך אַנאַליזירט די שייכות צווישן יידיש און יידישקייט לויט זיין באַגריף און קומט צו דער מסקנא, אַז „יידיש איז פון די גרעסטע וואונדער אין אונדזער געשיכטע". איבער 40 דעלעגאַטן און געסט האָבן אָנטיילגענומען אין דער אַרבעטס־סעקציע (וואָס איז אגב פאָרגעקומען פאַראַלעל מיט אַנדערע סעקציעס, ווי דערציאונג א.א.וו.).

איינשטימיק איז, נאָך אַן אינטערעסאַנטער און לעבעדיקער דיסקוסיע אָנגענומען געוואָרן אַ רעזאָלוציע, אַז „נאָך דער קאָנפערענץ זאָלן עטלעכע פירנדיקע מענטשן פון רעליגיעזן סעקטאָר זיך טרעפן מיט פאָרשטייער פון קאָמיטעט פאַר יידיש, כדי צוזאַמען צו פּלאַנירן אַנטשפּרעכנדיקע פּראָגראַמען אין רעליגיעזע אינסטיטוציעס, קודם כל אין סינאַגאָגעס".

(דעם דאָזיקן באַריכט האָב איך אַרויסגענומען פון בולעטין פון קאָמיטעט פאַר יידיש ביים קאַנאַדער יידישן קאָנגרעס, געווידמעט דעם פאַרלויף פון דער אויבנדערמאָנטער קאָנפערענץ).

ווי איר שטויסט זיך שוין אָן, באַטראַכט איך אונדזער קאַנאַדער סיטואַציע, הגם אַן אַנדערע ווי אין די פאַראייניקטע שטאַטן, דאָך נישט אַזוי וויט אַנדערש אַז מען זאָל נישט קענען אָנווענדן ענלעכע מעטאָדן אויך אין אַמעריקע.

ליידער קען מען נישט דערוואַרטן אַז דער רעליגיעזער סעקטאָר זאָל נעמען די איניציאַטיוו, און דאָס צוליב כמה טעמים. ראשית כל מחמת דער ענין שפּראַך און קולטור איז דאָך פאָרט נישט דער צענטראַלער פאַר זיי.

וויבאַלד מיר, די וועלטלעכע יידן, וועלן אָבער זיי העלפן אין דעם פּראָצעס צוריק זיך אָנצוקנופּן צו דער מזרח־אייראָפּעאישער טראַדיציע, וועלכע האָט דאָך, אין קעגנזאַץ צו דער ספרדישער און יהודישער, פאַרבונדן פאָלקס־קולטור מיטן רעליגיעזן לעבן, וועלן מיר מסתמא מצליח זיין און געווינען ווערטפולע פאַרבינדעטע.

אַוודאי הענגט דאָס אָפּ פון אַ צילבאַוואוסטזיניקער, גוט אָרגאַניזירטער יידיש־באַוועגונג, וואָס וועט האַנדלען אין הסכם מיט דעם געדאַנק, וועלכן איך האָב אונטערגעשטראָכן אין מיין תשובה צו דער אַנקעטע אין „קולטור און לעבן": „די צייט איז רייף פאַר אַ מאַסיווער גייסטיקער אָפּענסיווע צו איבערצייגן דעם אַמעריקאַנער ישוב אין דער גאָר וויכטיקייט פון שטאַרקן דאָס קולטור־לעבן בכלל און דאָס דערשאַצן די יידישע ליטעראַטור און יידיש־קולטור ווי אַן אָרגאַנישן באַשטאַנדטייל פון אונדזער נאַציאָנאַלער קולטור".

במשך פון לאַנגע יאָרן האָבן מיר אין קאַנאַדער יידישן קאָנגרעס געקעמפט פאַר דעם און ענדלעך אין 1969 מצליח געווען אין איבערצייגן דעם קאָנגרעס צו רופן אַן אַל־קאַנאַדער קאָנפערענץ פאַר יידיש. נאָכדעם ווי די ערשטע קאָנפערענץ איז דורכגעגאַנגען אונטערן צייכן פון גאָר גרויסן דערפאָלג, האָט דער קאָנגרעס געעפנט אַ פּערמאַנענטע אָפּטיילונג פאַר יידיש, וואָס האָט דורך אינטענסיווער טעטיקייט געוואונען אָנערקענונג און אונטערשטיצונג אין ישוב.

היינט שיינט עס שוין צו זיין נאַטירלעך אַז אין אונדזער פּלוראַלער קולטור זאָל יידיש געניסן פון אַ וואַרעמער באַציאונג און דערשאַצט ווערן ווי אַן אָרגאַנישער באַשטאַנדטייל פון אַל־יידישן קולטור־אוצר.

מיר האָבן די ערשטע קאָנפערענץ געפירט אונטער דער לאָזונג „קהילה־פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער יידיש־קולטור" און די צווייטע קאָנפערענץ (נאָך איבער 10 יאָר) — „יידיש אין קאַמף פאַר יידישן קיום". אין ביידע פאַלן האָבן מיר אַפּעלירט צו דעם ישוב נישט פאַר שטיצן אונדז אין אונדזער איינשטעלן זיך פאַר יידיש, נאָר פון שטאַנדפּונקט פון המשך פון יידישן לעבן אין קאַנאַדע בכלל.

אין דעם פּרט איז אַוודאי ניטאָ קיין נפקא־מינה צווישן קאַנאַדע און די פאַראייניקטע שטאַטן. ליידער פעלט אין אַמעריקע אַזאַ דאַך־אָרגאַניזאַציע ווי ס'איז דער קאַנאַדער יידישער קאָנגרעס. מוזן דעריבער די מעטאָדן זיין אַנדערע. דאָך וועט די קאַנאַדער דערפאַרונג זיין פון גאָר גרויסן ווערט, וויבאַלד מען וועט אין די פאַראייניקטע שטאַטן זיין גרייט פאַר אַזאַ „מאַסיווער גייסטיקער אָפּענסיווע".

## פון דער אַדמיניסטראַציע

**ביים שליסן דעם מאַי־נומער פון „דער וועקער" האָבן מיר דערהאַלטן נאָך באַגריסונגען און ביישטייערונגען פון פאַרשיידענע שטעט און בראַנטשעס. די באַגריסונגען און קוויטירונגען וועלן אַריין אין דעם קומענדיקן נומער „וועקער".**

**מיר דאַנקען אַלע חברים און פריינד.**



ד"ר אליהו שולמאַן

# דער סוף פון דעם טעריטאָריאַליסטישן טרוים

I

איינע פון די סאַמע אידעאַליסטישע און טראַגישסטע יידישע באַוועגונגען, וואָס איז אויפגעקומען אין אונדזער יאָרהונדערט, איז בלי ספק געווען די טעריטאָריאַליסטישע. זי איז אַרויסגעוואַקסן פון די נויטן פון די יידישע מאַסן — און בכלל פון די באַדערפענישן פון דעם יידישן פאָלק. די נייע באַוועגונג האָט זיך געשטעלט ווי אַ ציל צו אַנטוויקלען אַ יידישן אויטאָנאָמישן יישוב אויף אַ פרייער טעריטאָריע, וואו די יידן זאָלן קענען לעבן רואיק און פירן זייער אייגענעם נאַציאָנאַלן יידן לעבן.

ביים אָנהייב פון יאָרהונדערט זיינען, אין דער זעלביקער צייט, אויפגעקומען אין רוסלאַנד און אין מערב־אייראָפּע צוויי טעריטאָריאַליסטישע ריכטונגען. אין רוסלאַנד איז אויפגעקומען די יידישע סאָציאַליסטישע אַרבעטער־פּאַרטיי — וואָס איז געווען באַקאַנט אונטער די רוסישע ראשי־תיבות ס. ס. (סיאָניסטן־סאָציאַליסטן) און אין ענגלאַנד איז געגרינדעט געוואָרן די יידישע טעריטאָריאַליסטישע אָרגאַניזאַציע. ביידע האָבן געשטרעבט צו געפינען אַ טעריטאָריע פאַרן יידישן פאָלק (אָבער ניט אין ארץ ישראל).

די ס"ס אין רוסלאַנד האָבן אינגאַנצן אָפּגעלייקנט דעם גלות — און האָבן ניט געזען וועלכע עס איז פּערספּעקטיוון פאַרן יידישן לעבן אין גלות. אָבער זיי האָבן אין רוסלאַנד זיך פאַרפּלאָנטערט אין סתירות — און אַנשטאָט זוכן אַ טעריטאָריע האָבן זיי זיך אָפּגעגעבן נאָר מיט קעמפן אויף די ערטער קעגן צאַריזם, און מיט אָנפירן שטרייקס קעגן קליינע יידישע אונטערנעמער. דאָס זוכן אַ טעריטאָריע האָבן זיי איבערגעלאָזן פאַר דער יידישער טעריטאָריאַליסטישער אָרגאַניזאַציע — מיט איר פּרעזידענט ישראל זאַנגוויל, בראָש.

אַרום דער זעלביקער צייט איז אויפגעקומען אין רוסלאַנד נאָך אַ יידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, באַקאַנט ווי „סערפּ" אָדער סיימיסטן. להיפוך צו די ס"ס האָבן די סיימיסטן געגלויבט אַז יידן קאָנען לעבן אין די גלות־לענדער, זיי האָבן געקעמפט פאַר נאַציאָנאַל־פּערסאָנאַלער אויטאָנאָמיע און פאַר אַ יידישן סיים — אַ פּאַרלאַמענט. די סיימיסטן האָבן געהאַלטן, אַז אין דער צוקונפט וועט אויך אויפקומען אַן אויטאָנאָמער יידישער יישוב אויף אַן אייגענער טעריטאָריע. אי די ס. ס. אי די סיימיסטן — האָבן געוואונען אַ סך אָנהענגער — ספּעציעל די ס. ס., וואָס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט כמעט ווי אַ מאַסן־באַוועגונג — ספּעציעל אין אוקראַינע.

די טעאָרעטיקער, די פּובליציסטן און די טוער פון ביידע אָרגאַניזאַציעס, פון ס"ס און פון די סיימיסטן, זיינען געווען די בעסטע פאָרשטייער פון דער יידישער אינטעליגענץ אין רוסלאַנד, און זייער פּרעסע איז געווען אַ גאָר ערנסטע.

נאָך דער רוסלענדישער פאָלקס־רעוואָלוציע פון פעברואַר 1917 — איז אָבער פאָרגעקומען אַן אויסטערלישע געשעעניש. די שאַרפסטע אָפּלייקענער פון אַ מיגלעכקייט פון אַ יידישן לעבן אין דער פרעמד, די ס. ס., האָבן זיך פאַראייניקט מיט די סאַמע אָפּטימיסטישע גלויביקע אין אַ יידישן לעבן אויף די ערטער — מיט די סיימיסטן — און האָבן געגרינדעט די פאַראייניקטע יידישע סאָציאַליסטישע אַרבעטער־פּאַרטיי: ס"ס און י"ס. די פּראָגראַם פון דער נייער פאַראייניקטער פּאַרטיי — איז געווען סיימיסטיש. נאָך דער באָלשעוויסטישער איבערקערעניש איז די פּאַרטיי צעפאַלן געוואָרן. אַ טייל טוער איז אַריין אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, איז געוואָרן אַקטיוו אין דער יידישער סעקציע פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. זיי זיינען אַלע שפּעטער דערמאָרדעט געוואָרן פון סטאַלינען.

אין פּוילן האָט אַ צייט נאָך פונקציאָנירט די ס"ס פּאַרטיי, וואָס איז אָנגערופן געוואָרן „די פאַראייניקטע". די יידישע טעריטאָריאַליסטישע אָרגאַניזאַציע מיט זאַנגווילן בראש האָט נאָך עקסיסטירט ביז אַרום 1925. עס האָט אויסגעזען אַז דער טעריטאָריאַליזם איז פאַרשוואונדן — אָבער די נויטן פון דעם יידישן

איליאַ פאַלקאָוו

# חודשלעכע קוראַנטן

## זשאַן פּאָל סאַרטר — 1905־1980

נאָענט צו פיר צענדליגק יאָר האָט זשאַן פּאָל סאַרטר דאָמינירט דעם אינטעלעקטועלן לעבן אין פראַנקרייך — און ער האָט אויך געהאַט אַ גרויסע השפעה אויף דעם אינטעלעקטועלן לעבן אין אַמעריקע.

סאַרטר האָט אָנגעהויבן שרייבן ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה. אין דער מלחמה איז ער גענומען געוואָרן אין געפאַנגענשאַפט פון די דייטשן, אָבער ער איז באַפרייט געוואָרן — און האָט זיך אומגעקערט קיין פּאַריז און איז געוואָרן אַקטיוו אין דער אונטערערדישער באַוועגונג, און געשריבן פאַר איר פּרעסע, סיי אין דער צייט פון דער מלחמה, סיי נאָך דער מלחמה האָט ער זייער אַ סך געשריבן. ער האָט געשריבן אַרטיקלען, דראַמעס, ראָמאַנען און פילאָסאָפישע ווערק. ער איז געווען אַ באַגרינדער פון דער עקסיסטענציאַליסטישער פילאָסאָפיע. די דאָזיקע פילאָסאָפיע איז פאָרמולירט געוואָרן פון דעם סקאַנדינאַווישן דענקער קירקעגאָרד, און פון דעם נאַצי־פילאָסאָף מאַרטין היידעגער — אָבער ער האָט דער דאָזיקער פילאָסאָפיע געגעבן אַן אייגענע אויסטייטשונג.

סאַרטר האָט געהאַלטן אַז אַ מענטש ווערט געבוירן אין אַ וועלט וואָס האָט ניט קיין זין — אָבער אַ מענטש מיט זיין באַוואוסטזיין באַשאַפט אַ וועלט וואו עס איז מיגלעך צו עקסיסטירן. יעדער מענטש, האָט סאַרטר געהאַלטן, איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זיינע מעשים, און ער האָט אַ פרייען אויסוואַל — אויסצוקלייבן אויף וועלכן וועג ער וויל גיין, און ווי אַזוי ער זאָל האַנדלען. יעדער מענטש לעבט אין זיין אייגענעם וועלטל, — און יעדער איינער באַשאַפט זיין מצב. ער האָט אויך געהאַלטן אַז כדי דאָס לעבן זאָל האָבן אַ זין דאַרף אַ מענטש האָבן און אַרבעטן פאַר אַן אידעע און אַנטוויקלען אַ ציל אין לעבן. זיין פילאָסאָפיע האָט פאַרכאַפּט די יוגנט נאָך דער מלחמה און מען האָט געלייענט זיינע ביכער און מען איז געגאַנגען זען זיינע דראַמעס. די קאַפע וואו ער האָט געפּראַוועט טיש, אויף סיינט זשערמען, איז געוואָרן דער אינטעלעקטועלער צענטער אין פּאַריז. מען איז נאָך איצט עולה־רגל צו דער קאַפע

זיינע עסייען האָבן זיך באַוויזן אין אַמעריקע נאָך דער מלחמה — און מען האָט עס געלייענט מיטן גרעסטן אינטערעס. זיינע ווערק זיינען אַלע איבערגעזעצט געוואָרן אויף ענגליש — און עס זיינען אַרויס אַ סך ביכער אויף ענגליש וועגן אים און זיין פילאָסאָפיע.

פּאָליטיש האָט סאַרטר אַ לאַנגע צייט מיטגעאַרבעט מיט די קאָמוניסטן. אין 1956 האָט ער פאַרדאַמט די סאָוועטישע אונטערדריקונג פון דעם אונגאַרישן אויפשטאַנד — אָבער נאָכדעם האָט ער ווייטער אי מיטגעאַרבעט מיט זיי — אי קריטיקירט זיי.

סאַרטר האָט ביטער באַקעמפט דעם אַנטיסעמיטיזם — און ער האָט אָנגעשריבן אַ בוך קעגן אַנטיסעמיטיזם וואָס איז אַרויס אין אַן ענגלישער איבערזעצונג.

עס איז געוויס אַ שאָד וואָס קיין איין בוך פון זשאַן פּאָל סאַרטר איז ניט איבערגעזעצט געוואָרן אויף יידיש.

## באַשעוויס וועגן וואַנווילד־קאַווע

מיט אַ צייט צוריק האָט יצחק באַשעוויס פאַרעפנטלעכט אַ סעריע אַרטיקלען אין „פאָרווערטס", וואו ער האָט באַשריבן די יידישע שרייבערס וואָס האָבן געוואוינט אין וואַרשע און וועמען ער האָט באַגעגנט אין דעם ליטעראַטן־קלוב. אין דער סעריע האָט ער אויך באַשריבן דעם באַקאַנטן יידישן שרייבער מ. וואַנווילד־קאַווע. ער האָט דערציילט וועגן אים פאַרשיידענע זאַכן, זיין אויסזען, זיין סאָרט שרייבן און זיין פּריוואַטן לעבן. ער האָט געטריבן שפּאַס פון וואַנווילדן און מענטשן האָבן געפרעגט צוליב וואָס טוט ער עס? וועמען גייט אָן צי וואַנווילד האָט יאָ אָדער ניט חתונה געהאַט? אָדער פאַרוואָס אַן אינטעליגענטע יידישע מיידל האָט חתונה געהאַט מיט דעם אָרעמען יידישן שרייבער וואָס האָט פאַרדינט פּראָשנס ווי אַ קאָרעקטאָר, וואָס האָט געאַרבעט נאָר פון צייט צו צייט.

באַשעוויס־זינגער האָט זיך ניט צופרידנגעשטעלט מיט פאַרעפנטלעכן דעם פּאָרטרעט אין „פאָרווערטס" — נאָר ער האָט די באַשרייבונג אַליין איבערגעזעצט אויף ענגליש און פאַרעפנטלעכט אין דעם באַקאַנטן אַמעריקאַנער חודשניק „דהי אַטלאַנטיק מאָנטלי" (מערץ 1980). אין דעם זעלביקן נומער איז פאַרעפנטלעכט אַ פּאָעמע פון דעם באַקאַנטן אַמעריקאַנער

פאָלק האָבן געפירט צו דער אויפלעבונג פון דער באַוועגונג — אין די דרייסיקער יאָרן.

II

אין דעם קורצן אַרטיקל שרייבן מיר נישט קיין געשיכטע פון דער טעריטאָריאַליסטישער באַוועגונג — דעריבער קאָנען מיר זיך ניט אָפּשטעלן אויף די פאַרשיידענע טעריטאָריאַליסטישע שטרעמונגען וואָס האָבן געטליעט דאָ און דאָרטן — אָדער אויף דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין רוסלאַנד, און ספּעציעל דעם פּרואוו אין בירא־בידזשאַן, וואָס איז געווען אַ מין טעריטאָריאַליזם — און וואָס איז אונטערשטיצט געוואָרן פון געוועזענע טעריטאָריאַליסטן אין רוסלאַנד גופא — און אין אויסלאַנד. דאָ שטעלן מיר זיך אָפּ אויף דעם אויפקום פון פריילאַנד, פריער אין אייראָפּע — און דערנאָך אין אַמעריקע.

דער אויפקום פון פאַשיזם אין דייטשלאַנד, די שווערע עקאָנאָמישע לאַגע פון די יידן אין פּוילן — האָט גורם געווען די אויפלעבונג פון דעם טעריטאָריאַליזם. אין פּוילן איז אין 1934 פאָרגעקומען אַ קאָנפערענץ וואו עס איז געגרינדעט געוואָרן די פריילאַנד־ליגע און אין סעפּטעמבער 1934 איז אַרויס די זאַמלונג „פריילאַנד“, וואָס האָט באַגרינדעט די נייטיקייט פון אַ יידישער טעריטאָריע.

אין 1935—1936 האָב איך געלעבט אין ווילנע, בין געווען אַן אַספּיראַנט אין דעם יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט (ייוואָ). איך האָב געזען און דערפילט דעם נויט פון די יידן אין פּוילן — און די אויסזיכטלאָזיקייט דאָרטן. די פּאָליטישע אַטמאָספערע איז געווען אַ דערדריקנדיקע און די מיגלעכקייטן פאַר אמיגראַציע קיין ארץ ישראל און אין דער גרויסער וועלט — זיינען געווען מינימאַלע. אין פּוילן האָב איך שוין אויך דעמאָלט געזען ווי שווער עס איז די מערכה פון יידיש — און ווי ביטער מען האָט געדאַרפט קעמפן פאַר דער עקסיסטענץ פון דער יידישער שול, יידישער פּרעסע — און בכלל פאַר דער יידישער קולטור. איך האָב זיך דעריבער פאַראינטערעסירט מיט דער ניי־געגרינדעטער פריילאַנד־ליגע — און זיך געטראָפן אין ווילנע מיט יוסף טשערניכאָוון — איינעם פון די גרינדער פון דער ליגע.

איך בין געקומען צו טשערניכאָוון אַהיים אַ פאַרנאַכט. די ראַדיאָ האָט אויפגעכאַפּט אַ רעדע וואָס היטלער האָט געהאַלטן, וואו ער האָט געשטורעמט קעגן די יידן. טשערניכאָוו איז געזעסן און טרערן זיינען אים געריננען פון די אויגן. — „זעט וואָס מען גרייט פאַר אונדז צו“ — האָט טשערניכאָוו מיר געזאָגט.

טשערניכאָוו האָט אַראַנזשירט באַגעגענישן מיט פאַרשיידענע גרופּעס, וואו ער האָט גערעדט וועגן דער נויטווענדיקייט פון אַ יידישער טעריטאָריע. איך בין געווען אויף עטלעכע אַזעלכע באַגעגענישן — כמעט אַלע וואָס זיינען געקומען זיינען געווען מסכים — אָבער די פראַגע איז געווען — ווען און ווי אַזוי? איך געדענק אַ גרויסע פאַרזאַמלונג אין ווילנער קאָנסערוואַטאָריע. פון וואַרשע איז געקומען דער טוער יוסף קרוק — ריידן וועגן טעריטאָריאַליזם. דער זאַל איז געווען געפּאַקט מיט יוגנט. קרוק איז געווען אַן אַלטמאָדישער אָראַטאָר, ער האָט געקלאַפּט אין טיש, גערעדט הויך — ווי נויטיק עס איז אַ טעריטאָריע. דער עולם איז מסכים געווען — און מען האָט געפרעגט ווען? וואו? איך בין געזעסן לעבן טשערניכאָוון און געזען אַז ווען ד״ר קרוק האָט געשילדערט די שווערע לאַגע פון די יידן אין פּוילן און די געפאַר אין אייראָפּע בכלל — האָט טשערניכאָוו שטאַרק געזיפצט.

אין דעם זעלביקן זאַל איז שפּעטער פאָרגעקומען אַ גרויסע פאַרזאַמלונג לכבוד דעם בריטישן לאָרד מאַרלי, וואָס האָט זיך דעמאָלט געהאַט אומגעקערט פון אַ וויזיט אין רוסלאַנד. ער האָט גערעדט אויף ענגליש און דער זעלביקער ד״ר קרוק* האָט איבערגעזעצט זיינע רייד. דער לאָרד איז אויך געווען אין בירא־בידזשאַן — און אויף דער פאַרזאַמלונג האָט ער דערקלערט, אַז בירא־בידזשאַן איז באַשטימט נאָר פאַר רוסישע יידן. דאָס האָט געמאַכט אַ דערשיטערנדיקן איינדרוק אויף אַ טייל פון די פאַרזאַמלטע — וואָס האָבן געהאָפּט צו פאָרן קיין בירא־בידזשאַן — כדי צו בויען די יידישע אויטאָנאָמע געגנט.

(צווישן עולם זיינען געווען אַ סך קאָמוניסטן וואָס האָבן געהאַלטן אין איין שרייען — מיר פאָדערן די באַפרייאונג פון טעלמאַנען — דער פירער פון די דייטשע קאָמוניסטן וועמען די נאַציס האָבן געהאַט אַרעסטירט).

איך האָב זיך דעמאָלט פאַרבונדן מיט דער ליגע, געקומען צו זיצונגען און אָנגעשריבן אַן אַרטיקל פאַרן זשורנאַל וואָס די יוגנטלעכע טעריטאָריאַליסטן האָבן אַרויסגעגעבן אין ווילנע. נאָך מיין פאַרלאָזן פּוילן האָב איך באַזוכט רוסלאַנד — און זיך אומגעקערט קיין אַמעריקע אין זייער אַ פּעסימיסטישער שטימונג. איך האָב געזען די שווערע לאַגע אין פּוילן און געזען, שוין אין 1936, ערב די מאָסקווער פּראָצעסן, אַז דאָס יידישע נאַציאָנאַלע און קולטורעלע לעבן אין רוסלאַנד ווערט חרוב.

אין באַנייטן טעריטאָריאַליזם האָב איך געזען דעם איינציקן אויסוועג.

איך בין געווען ביי איינער פון די ערשטע זיצונגען, וואו עס איז געגרינדעט געוואָרן די פריילאַנד־ליגע אין אַמעריקע, וואו סע זיינען געווען אַלטע טעריטאָריאַליסן ווי יעקב לעשצינסקי, אהרן גלאַנץ־לעיעלעס, מאַנדעסלבערג און אַנדערע. איך בין געווען ביי דער זיצונג ווען עס איז געגרינדעט געוואָרן דער זשורנאַל „אויפן שוועל“ — און איך האָב סוגעסטירט דעם נאָמען. די פריילאַנד־ליגע האָט אין יענע יאָרן צוגעצויגן אַ סך סימפּאַטיקער און אָנהענגער — און פאַר אַ צייט האָט עס אויסגעזען ווי עס האַלט ביי אויפקומען אַ מאַסן־באַוועגונג, און ווען עס איז אויפגעקומען דער סורינאַם־פּראָיעקט האָט אויסגעזען אַז דער טעריטאָריאַליזם האַלט ביי פאַרווירקלעכט ווערן — אין אַ באַגרעניצטער פאָרעם. אָבער פון די אַלע האָפענונגען האָט זיך אויסגעלאָזן אַ טייך. דאָס אָפּוואַרפן דעם סורינאַם־פּראָיעקט און די עטאַבלירונג פון ישראל — האָט געבראַכט דעם סוף פון טעריטאָריאַליזם.

יצחק נחמן שטיינבערג, וואָס איז געווען דער הויפּט־טוער פון דער פריילאַנד־ליגע אין אַמעריקע, האָט אָנגעהאַלטן די אָרגאַניזאַציע ביז זיין טויט. ער האָט אַרויסגעגעבן דעם „אויפן שוועל“ וואו סע איז געקומען צום אויסדרוק זיין פּערזענלעכע שטעלונג צו יידישע פּראָבלעמען — און דערהויפּט צו ישראל. די מערסטע מיטגלידער און אָנהענגער זיינען אַוועק פון דער ליגע.

נאָך שטיינבערגס טויט, אין 1957, איז דער הויפּט־טוער געוואָרן ד״ר מרדכי שעכטער. — מיט דער הילף פון אַ גרופּע איבערגעגעבענע טוער — האָט ער באַוויזן איניציאַטיוו, מוט, און קוראַזש — און האָט אויפגעהאַלטן פאָרמעל די אָרגאַניזאַציע — און דעם „אויפן שוועל“. אָבער אַזוי ווי די מיגלעכקייטן פון טעריטאָריאַליזם זיינען פאַרשוואונדן — האָט שעכטער מיט די איבערגעבליבענע טוער — פאַרוואַנדלט די ליגע אין אַ יידישיסטישער אָרגאַניזאַציע — און די צייטשריפט אין אַ יידישיסטישן אָרגאַן וואָס האָט זיך אָפּגעגעבן מיט קולטור־פּראָבלעמען און פילאָלאָגיע, און וואו מען האָט געדרוקט אויפן ערשטן אָרט אַרטיקלען וועגן פראַגן פון יידישער אָרטאָגראַפיע. ד״ר שעכטער איז אָבער געקומען צוזאַמען מיט אַ גרופּע טוער — צו דער מסקנא, אַז אַזוי ווי די פריילאַנד־ליגע גיט זיך אָפּ ניט מיט טעריטאָריאַליזם נייערט מיט קולטור־אַרבעט, איז צייט אָפיציעל אויפצוגעבן דעם טעריטאָריאַליזם — און פאַרוואַנדלען די פריילאַנד־ליגע אין אַ יידיש־ליגע. די נייע אָריענטאַציע קומט צום אויסדרוק אין אַן עדיטאָריאַל „משנה שם, משנה מזל“, וואָס איז פאַרעפנטלעכט אין דעם אויפן שוועל“, אָקטאָבער־דעצעמבער 1979.

אין דעם אַרטיקל ווערט געגעבן אַן איבערבליק וועגן אויפקום פון טעריטאָריאַליזם, און פון דער פריילאַנד־ליגע, פון די פאַרשיידענע קאָלאָניזאַציע־פּראָיעקטן. דערביי ווערט דערמאָנט, אַז בשעת די חסידים האָט זיך איינגעגעבן אויפבויען אייגענע שטעטלעך, האָט זיך דער פּרואוו אויפצובויען אַ וועלטלעך־יידישיסטישע שטעטל ניט איינגעגעבן. דער עדיטאָריאַל־שרייבער שטרייכט אויך אונטער, אַז די פריילאַנד־ליגע און די מענטשן אַרום דער ליגע האָבן ניט נאָר געפּריידיקט יידישיזם — נאָר האָבן פּראַקטיצירט יידישיזם, און אַז די זעלביקע מענטשן האָבן געשאַפן פונדאַציעס פאַר יידיש און יידיש־יידישער קולטור. עס ווערט אויך דערמאָנט, אַז חברים פון דער פריילאַנד־ליגע האָבן קריטיקירט „יידישע זומער־קאָלאָניעס פאַר אַריבערגיין פון יידיש אויף דער מלוכה־שפּראַך“. עס ווערן אויסגערעכנט נאָך באַמיאונגען פאַר יידיש — און דער עדיטאָריאַל קומט צו דער מסקנא אַז „אויב קיין טעריטאָריאַליסטישע אַרבעט טוען מיר שוין נישט דרייסיק יאָר, און מיר פאַרנעמען זיך דורכויס מיט אַקטיוויטעטן פאַרן המשך און דער קוואַליטעט פון יידיש, איז צו וואָס זיך האַלטן מיט אַן אַנאַכראָניסטישן נאָמען? מיר

* איך האָב עס באַשריבן אין מיין סעריע אַרטיקלען „אַ יאָר אין אייראָפּע“, וואָס איז געווען געדרוקט אין שיקאַגאָ, 1936־1937.

---

פּאָעט ראָבערט פּען וואַרען און אַן אויפרעגנדיקע עסיי פון אַרטשיבאַלד מאַקליש.

אין זיין פּאָרטרעט פון וואַנווילד־קאַווען דערציילט באַשעוויס אַז קאַווע האָט זייער ווייניק געשריבן און אַז אין אַ דינער בראָשור האָט ער געגעבן אַ צעטל פון ווערק וואָס דאַרפן איבערגעזעצט ווערן אויף יידיש כדי יידיש „זאָל זיין מער ווי אַ דיאַלעקט“. איך האָב די בראָשור אַצינד איבערגעלייענט. ער רעכנט טאַקע אויס אַ צאָל ווערק וואָס דאַרפן איבערגעזעצט ווערן אויף יידיש — אָבער ער רעדט אַרום אויך דעם מצב פון דער יידישער ליטעראַטור און ער האָט אויסגעדריקט אָריגינעלע געדאַנקען. ער האָט פאַרעפנטלעכט נאָך עטלעכע בראָשורן און אַרטיקלען אין פאַרשיידענע צייטשריפטן און אַלמאַנאַכן — צווישן זיי אין „וואַרשעווער שריפטן“, וואַרשע 1926־1927. ער האָט רעדאַקטירט מיט אַן אַריינפיר „ביי אונדז יידן“, אַ וויכטיקן זאַמלבוך פאַר פאָלקלאָר און פילאָלאָגיע, וואָס איז אַרויס אין 1923 אין וואַרשע.

אין דעם אַרטיקל שרייבט באַשעוויס אַז ציטלין איז געוואָרן רעדאַקטאָר פון אַ פערטל־יאָר שריפט און ער האָט פאַרבעטן באַשעוויסן צו ווערן אַ מיט־רעדאַקטאָר. דער זשורנאַל „גלאָבוס“ איז געווען אַ חודש־זשורנאַל. אויף דער הילע איז אָנגעגעבן, רעדאַקטאָר: אהרן ציטלין. דירעקטאָר ז. מעלאַמעד.

באַשעוויס שרייבט אַז זיין ראָמאַן „שטן אין גאָריי“ האָט אַרויסגעגעבן דער יידישער פּען־קלוב אין וואַרשע אין 1935 — און אַז דער פּען־קלוב האָט געדונגען קאַווען צו לייענען די קאָרעקטורן און אָנצושרייבן אַ הקדמה. באַשעוויס זאָגט אַז ער האָט מורא געהאַט אַז וואַנווילד „וועט זיך באַנוצן מיט דער הקדמה פאַר „איינע פון זיינע קאַפּריזנע אָדער פאַרזעעניש (פריקיש) קאָנצעפּציעס“. אָבער, זאָגט ווייטער באַשעוויס: „די הקדמה איז געווען קורץ און צום פּונקט“. עס ליגט פאַר מיר דאָס בוך אַצינד; עס האָט טאַקע אַ הקדמה אָבער ניט פון וואַנווילד־קאַווען — נאָר פון אהרן ציטלין.

## רוסישע שרייבער

יורי טריפאָנאָוו איז אַצינד אַלט 54 יאָר. זיין פאָטער איז געווען אַן אַלטער באָלשעוויק — און איז אַרעסטירט געוואָרן אין 1937 — און סטאַלין האָט אים דערמאָרדעט — ווי ער האָט דערהרגעט כמעט אַלע אַלטע באָלשעוויקעס. שפּעטער האָט מען אַרעסטירט און פאַרשיקט זיין מוטער. טריפאָנאָוו איז דעמאָלט אַלט געווען עלף יאָר. ערשט אין 1945 האָט ער זיך דערוואוסט, אַז זיין פאָטער איז דערשאָסן געוואָרן. אין 1949 האָט ער אָנגעשריבן אַ בוך „סטודענטן“ — און הגם זיין פאָטער איז געווען „אַ שונא פון פאָלק“ האָט ער דאָך באַקומען דעם סטאַלין־פּריז. גראָד סטאַלינס לאַקייען האָבן ניט געוואָלט אַז ער זאָל דעם פּריז באַקומען, אָבער סטאַלין האָט געפרעגט „איז עס אַ גוט בוך?“ — דאָס, זאָגט טריפאָנאָוו — איז דער בעסטער באַווייז פון סטאַלינס היפּאָקריטסטוואָ. ער האָט דערנאָך אָנגעשריבן, דערציילט ער, עטלעכע נאָוועלן וועגן לעבן אין רוסלאַנד אין סטאַלינס צייטן — און ווי אַזוי „די העלדן האָבן אַנטוויקלט אַ זין פאַר גערעכטיקייט“. ער וויל אַצינד שרייבן וועגן די ליקווידאַציעס אין די יאָרן 1936—1938 — אָבער צי ער וועט עס קענען טאָן ווייס ער נישט — ער גלויבט אָבער ניט אַז רוסלאַנד וועט זיך אומקערן צום סטאַליניזם.

אַ צווייטער שרייבער, בולאַט אָקודזשאַוואַ, איז אַ גרוזין — זיינע עלטערן זיינען געווען פּראָפעסיאָנעלע רעוואָלוציאָנערן. אין 1923 האָט זיין פאָטער שטודירט אין דער קאָמוניסטישער אַקאַדעמיע — אָבער איז אין 1937 אַרעסטירט געוואָרן — ווייל סטאַלין האָט אים מער ניט געדאַרפט. דער יונגער אָקודזשאַוואַ איז דערצויגן געוואָרן ווי אַ קאָמוניסט — און ווען מען האָט אים געזאָגט אַז זיין פאָטער איז געווען אַ שפּיאָן — האָט ער געגלויבט. זיין פאָטער איז דערשאָסן געוואָרן. זיין מוטער האָט זיך אומגעקערט פון פאַרשיקונג. ער האַלט אַז סטאַלין איז געווען אַ באַנדיט — און דער נייער דור ווייס זייער ווייניק וועגן סטאַלינס פאַרברעכנס. סטאַליניזם איז געווען מיינט ער, אַ קראַנקייט, — און כדי פּטור צו ווערן פון דער מחלה — דאַרף מען וועגן דעם ריידן און שרייבן. ער אַליין שרייבט גראָד ראָמאַנען וועגן דער פאַר־רעוואָלוציאָנערער רוסלאַנד. ער האַלט אויך אַז אַן אומקער צום סטאַליניזם איז אוממיגלעך.

אַ ביסל אַנדערש האָט גערעדט וואַסילי אַקסיאָנאָוו. זיין פאָטער איז געווען אַן אַלטער באָלשעוויק — ער איז געווען פאַרשיקט — אָבער ער גלויבט נאָך אַלץ אין לענינען. מען האָט אויך אַרעסטירט זיין מוטער — זי האָט זיך אויך אומגעקערט פון לאַגער. איר נאָמען איז געווען יעווגעניאַ גינזבורג. זי האָט אָנגעשריבן אַ בוך וועגן אירע איבערלעבענישן, וואָס איז אַרויס אין אויסלאַנד אין 1967. איר בוך הייסט „אין דעם וויכער“.

אין 1963, ווען כרושטשעוו האָט געמאַכט דעם סקאַנדאַל אויף דער קונסט־אויסשטעלונג, וואו ער האָט געזידלט דעם פּאָעט אַנדריי וואָזנעסענסקין, האָט ער דערקענט אַקסיאָנאָוון — און האָט אויסגערופן צו אים: „ווילסט נקמה נעמען פאַר דיין טאַטן?“ — דערביי האָט כרושטשעוו פאַרגעסן, אַז ער אַליין האָט רעהאַביליטירט זיין פאָטער.

וואַסילי אַקסיאָנאָוו האָט צוזאַמען מיט אַ גרופּע שרייבער פּרובירט אַרויסגעבן אַ ניט־צענזורירטן זאַמלבוך „מעטראָפּאָל“ — אָבער דער שרייבער־פאַראיין, וואָס איז אַ רעגירונגס־אַגענטור — האָט עס פאַרבאָטן. וואַסילי אַקסיאָנאָוו האַלט אַז ער וועט קענען שרייבן דאָס וואָס ער וויל אָנשרייבן — נאָר אין אויסלאַנד — אָבער דערווייל האָט ער נאָך ניט באַשלאָסן וועגן עמיגרירן. דערווייל האָט אַקסיאָנאָוו דערקלערט אַז ער רעזיגנירט פון דעם שרייבער־פאַראיין, ווייל דער פאַראיין האָט אויסגעשלאָסן צוויי שרייבער, יעווגעני פּאָפּאָוו און וויקטאָר יעפראָפייעוו פאַר זייער שטעלן זיך קעגן דער צענזור. מען האָט צוגעזאָגט אַז מען וועט זיי צוריק אַריינגעמען אין פאַראיין — אָבער צוליב דער נייער נאַציאָנאַליסטישער סלאַוואָפילישער שטימונג אין פאַראיין — האָט מען אָנשטאָט דורכצופירן דעם באַשלוס, דאָס אָפּגעלייגט׳ און שרייבער וואָס זיינען ניט קיין מיטגלידער אין דעם אָפיציעלן שרייבער־פאַראיין האָבן נישט קיין מיגלעכקייט צו פּובליקירן זייערע ווערק. די צוויי שרייבער האָבן אַפילו געשריבן אַ בריוו וואו זיי האָבן דערקלערט אַז עס טוט זיי ווי וואָס מען האָט געמאַכט אַזאַ טומל צוליב דעם פאַרבאָט אַרויסצוגעבן דעם זאַמלבוך — אָבער זייער בריוו האָט דערווייל ניט געהאָלפן — און זיי זיינען געבליבן אויסגעשלאָסן פון שרייבער־פאַראיין. חוץ אַקסיאָנאָוון האָבן נאָך פינף שרייבער דערקלערט אַז ווי אַ פּראָטעסט וועלן זיי רעזיגנירן פון פאַראיין — אָבער דערווייל האָבן זיי נאָך אָפיציעל ניט רעזיגנירט. די פינף זיינען פאַזיל איסקאַנדער, אַנדריי ביטאָוו, בעלאַ אַכמאַדולינאַ, אינאַ ליסניאַנסקאַיאַ און סימאָן ליפּקין. אַגב האָבן די צוויי אויסגעשלאָסענע שרייבער, יעווגעני פּאָפּאָוו און וויקטאָר יעראָפייעוו זיך געווענדעט צו די שרייבער וואָס זאָגן אַז זיי וועלן רעזיגנירן אויב די צוויי שרייבער וועלן ניט אַריינגענומען ווערן צוריק אין פאַראיין — אַז זיי זאָלן ניט רעזיגנירן. אין דעם זאַמלבוך „מעטראָפּאָל“ זיינען אַריין שאַפונגען פון 23 שרייבער. אָבער נאָר די צוויי יינגסטע זיינען אויסגעשלאָסן געוואָרן — ווייל זיי זיינען געווען ווייניקער באַקאַנט. דער רעגירונגס־צענזאָר האָט פאַרבאָטן אַרויסגעבן די אַנטאָלאָגיע ווייל עס איז כלומרשט אַ פּאָרנאָגראַפישער אַלמאַנאַך. „מעטראָפּאָל“ איז אַרויס אין אָריגינאַל אין אַמעריקע אין פאַרלאַג „אַרדיס“.

אַ סאָוועטישער פּאָעט, וויקטאָר נעקיפּעלאָוו, וואָס איז צוליב זיין אָפּאָזיציע געזעסן אין אַ פּסיכיאַטרישן אינסטיטוט, האָט אָנגעשריבן אַ בוך וועגן זיינע דערפאַרונגען. דער בוך הייסט „אינסטיטוט פון נאַראָנים“ און איז אַרויס אין רוסישן אָריגינאַל אין ישראל. דאָס בוך וועט בקרוב אַרויס אין אַן ענגלישער איבערזעצונג אין ניו־יאָרק. אָפיציעל איז נעקיפּעלאָוו אַרעסטירט געוואָרן ווייל ער האָט פאַרשפּרייט זיינע לידער אין מאַנוסקריפּט.

אַ גרופּע אַמעריקאַנער שרייבער האָט לעצטנס זיך געטראָפן מיט עטלעכע סאָוועטישע שרייבער אין באַטומי — גרוזיע. די אַמעריקאַנער זיינען געווען סטענלי קוניץ, וויליאַם דזשיי סמיט, פראַנסין גריי, העריסאָן סאַליסבורי און נאָרמאַן קאַזינס. די סאָוועטישע שרייבער האָבן צוגעגעבן, אַז דער שרייבער־פאַראיין ווערט קאָנטראָלירט פון די סאַמע געהאָרכזאַמסטע שרייבער. אָבער די דאָזיקע שרייבער וועלן מיט דער צייט אויסשטאַרבן — און דעמאָלט וועט פאָרקומען אַן ענדערונג. די סאָוועטישע שרייבער האָבן זיך געבעטן: „האָט געדולד, עס איז שווער׳ מיר דאַרפן זיך לערנען ווי איבערצוקומען — און מיר פּרובירן...“ דערווייל האָט זיך שוין איין אַמעריקאַנער שרייבער, וואָס האָט זיך באַטייליקט אין דער באַגעגעניש דערוואוסט, אַז מען האָט אַרויסגעגעבן אין רוסלאַנד זיינע לידער פאַר קינדער אין 300 טויזנט עקזעמפּלאַרן — און מען האָט גערעדט וועגן רוסישע איבערזעצונגען פון אַמעריקאַנער ביכער. איין רוסישער שרייבער האָט געבעטן מען זאָל גריסן יאָסיף בראָדסקין דעם פּאָעט, וואָס רוסלאַנד האָט אַרויסגעשיקט פון לאַנד.

רוסישע שרייבער האָבן ניט קיין מורא צו טרעפן זיך מיט אויסלענדישע שרייבער. אָבער די סאָוועטישע יידישע שרייבער האָבן נאָך אַלץ מורא צו באַגעגענען זיך מיט אויסלענדישע יידישע שרייבער. ווען מען שרייבט זיי אַ בריוו האָבן זיי מורא צו ענטפערן. די דאָרטיקע יידישע שרייבער געפינען זיך אין אַ ספּעציעלער לאַגע — און מיסתמא האָבן זיי סיבות פאַרוואָס זיי האָבן מורא — אין די מערסטע פאַלן — צו פאַרבינדן זיך מיט יידישע שרייבער אין אויסלאַנד.

---

